**Asch, Shalom.**
**Koyln: a drame in fir aktn.**
**Varshe: Kultur-lige, [1928]**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1873.22

**Asch, Shalom, 1880-1957.**
Koyln: a drame in fir aktn.
Varshe: Kultur-lige, [1928]
109, [2] p., 22 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw

ID: NXYH00-B3273 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106046

Reduction ratio x 10.0

שלום אַש

# קוילן

א דראַמע אין פיר אקטן

פארלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע

## פּערזאָנען:

פּאָטער סעוועריִן — אַ רוסישער פּויער, היינט אַ קוילן-גרעבער
זאַסלושאַ — זיין פרוי
מאַרישאַ } זייערע טעכטער
ווערושקאַ }
אַנטאָן — מאַרישאַס מאַן
זייצעוו }
סלושאַ }
טאָני }
מאַכמעד } שכנים, קוילן-גרעבער אָדער מולן-היטער
ווענסעלאַאוס }
יאַפּאַנער }
חזקאל — אַ ייד, פּעדלער

## פֿאַנטאַסטישע פיגורן:

| | |
|---|---|
| אַנטראַציט | גריפּעל |
| קאָך-קויל | דימענט-קויל |
| טאָרף | עלעקטרישע קראַפט |
| אַסיד | אומדערפאָרשטע קראַפט |

שפּיל אין די קוילן-גרובנס.
אין מדבר אָריזאָנע, אַמעריקע.
צייט — פאַר דער וועלט-מלחמה.



Printed in Poland



Szolem Asz — KOJLN



Sp-Wyd. Kultur-Liga, Warszsawa 1928.
Drukarnia „Di Welt“, Nowolipie 7.

# ערשטער אקט

אין דער קוילן-מינע ארום טאָמקינסוויל, ארויס אוי
דער וויסטע, אין צימער אכט-הונדערט פיר. — א צי-
מער פון אן ארבעטער אין דער קוילן-מינע טאָמקינס-
וויל. איינגעאָרדנט לויט איין פאָרם מיט אנדערע
צימערן. אלצדינג, וואָס געפינט זיך אין שטוב, איז
צוגעמויערט צו דער וואַנט, אָדער אָנגעקייטלט
בעטן, וואָס פארמאַכן זיך בייטאָג, טיש-בענקלעך און,
אפילו די קיך איז אָנגעקייטלט. גאָר נישט איז דאָ
אינדיווידועלעס, נאָר א פאָר געבלימלטע קאָרטאָנען-
פאָרהענגלעך און א הייליג בילד, וואָס הענגט אונ-
טער א רויט לעמפל אין א ווינקל. אויף א טישל
נעבן פענסטער שטייט א בלומען-טאָפ, מיט א היי-
מישער דאָרפישער מירטע.

עס איז פארנאַכט אין א האַרבסט טאָג. די זון שיינט
אריין דורכן פענסטער, דער טיש איז געגרייט צום
עסן. עס הערט זיך א קלינגען פון פאַבריק-גלאָק.
ארבעטער גייען אהיים און גייען צו דער ארבעט.
געשפרעך פאַר די פענסטער.

**זאַסלושא**

אַן אַלטע גויע, אַ טיכל פאַרבונדן איבערן קאָפּ, שטייט אין אָפענעם פענסטער און רעדט אַרויס צו די פאַרבייגייענדע אין גאַס

**מאַרישא**

שטימע פון דער גאַס

נו, גיי, גיי, גיי שוין, הער שוין אויף צו דערקוטשען, עס ווערט דאָך שוין שפעט.

**אַנטאָן**

שטימע פון דער גאַס

אַך, מאַרישאַ, מאַרישאַ.

**מאַרישא**

זאָגט עפעס, קומט אַריינצולויפן אין שטוב

משוגענער, אינמיטן דער גאַס, מענטשן וועלן דאָך לאַכן.

**אַנטאָן**

וועלכער יאָגט זיך נאָך נאָך איר

זאָלן זיי לאַכן, וואָס גייען מיך מענטשן אָן? נעמט זי אַרום און וויל זי קושן

**מאַרישא**

צו דער מוטער

מאַמע, אַזעלכע צרות האָט מען פון אים אויסצושטיין. עס קומט די צייט צו גיין אין שאַכט אַריין צו דער אַרבעט, ווערט ער משוגע, פיעשטשעט זיך, ווי ער וואָלט אַ קינד געווען, און גיב אים נאָך אַ צוקערל אין דער שולע צו גיין. נאָר קושן זיך, און קושן זיך, און דאָ האַלט דער גלאָק אין איין קלינגען, ווי צו אַ פייער אין דער היים.

זאסלושא

דאָס איז די טבע פון מאַנספאַרשוינען, וועסט נישט איבער־מאַכן, טאָכטער.

מאַרישא

אָבער עס ווערט דאָך פאַרמיאוסט, באַק־הינער ווערט דאָך אויך פאַרמיאוסט.

זאסלושא

נו, קוש אים, און זאָל ער גיין, עס ווערט שפעט.

מאַרישא

*קושט דעם מאַן שנעל*

נו, שוין, ל׳מיר שוין דיינע פטור ווערן.

אַנטאָן

מאַרישאַ!

מאַרישא

און וואָס נאָך?

אַנטאָן

מאַרישאַ, זאָג מיר צו.

מאַרישא

וואָס זאָל איך דיר צוזאָגן?

אַנטאָן

ווייסט שוין וואָס דו זאָלסט מיר צוזאָגן.

מאַרישא

הויבסט שוין ווידער אָן?

אַנטאָן

איך קען עס נישט דאָרט אויסהאַלטן ביים פייער. אַז איך דער־מאָן זיך, אַז דו ביסט אַליין אין דער היים, אַ גאַנצע נאַכט, און זייצעוו וואוינט מיט דיר טיר ביי טיר. עס ברענט אין מיין האַרץ, ווי אין דעם אויוון, ביי וועלכן איך שטיי.

מאַרישא

*שמייכלט*

און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל דיר שוין צוזאָגן?



אַנטאָן

*מיט לייד*

איך ווייס, עס וועט גאָר נישט העלפן, נאָר רואיגער וועל איך זיין.

זאסלושא

וואָס אַרט עס דיך? זאָג אים צו, טאָכטער, זעסט דאָך, אַז ערליידט.

מאַרישא

אַז ער איז משוגע און רעדט זיך איין אַ קרענק אין בויך, באַדאַרף איך מיטשפּילן דאָס משוגעת? ער ווייסט דאָך, אַז עס איז אַן איינרעדעניש.

אַנטאָן

איך ווייס עס, איך ווייס עס, נאָר צייט מען האָט זייצעוון אַריינגעגעבן אין טאָג־אַרבעט און מיך ביינאַכט, פייניגט עס מיך. אַז איך שטיי ביים אויוון, זע איך אַזעלכע ווילדע זאַכן אין פלאַם־פייער, אַז איך וואָלט זיך אין פלאַם אַריינגעוואָרפן אַ לעבעדיגער. *מיט פאַרוואורף* דו ווייסט דאָך, מאַרישאַ, אַז איך האָב אַן אורזאַך חושד צו זיין, דו ווייסט דאָך, אַז עס איז נישט בחנם...

מאַרישאַ

און אַז ס׳איז עפּעס, ביסטו שולדיג. און אַז דו וועסט מיך פייניגן, וועל איך עס טאָן להכעיס.

אַנטאָן

*ווארפט אַראָפּ פון זיך דאָס היטל מיטן לאַמטערל*

גיי איך נישט צו דער אַרבעט, איך וועל בלייבן אין דער היים דיך היטן.

מאַרישא

וועט מען דיך מיט די בעבעכעס אַרויסוואַרפן. ווייסט די געזעצן פון טאָמקינסוויל.

אַנטאָן

זאָלן זיי וואַרפן. סיי ווי סיי נישטאָ פאַר וואָס צו לעבן.

זאַסלושא

וואָס טוט זיך דאָ, קינדער, וואָס פאַר אַן אומגליק ברענגט איר איבער אייער קאָפּ?

מאַרישא

מוטער, איך ווייס נישט, וואָס ער וויל פון מיר האָבן. אַזוי פייניגט ער מיך און דערקוטשעט מיר. דער סוף וועט זיין, אַז עס וועט עפּעס געשען, וועט ער עס האָבן אַליין געבראַכט דערצו.

זאַסלושא

דערקוטשע נישט, אַנטאָן, דערקוטשע נישט, וועסט ברענגען צו אַן אומגליק.

אַנטאָן

איך ווייס, אַז איך בין אַליין שולדיג. אַ טייוול זיצט אין מיין האַרץ. דאָרט, ביים גיהנמשן פייער, ווען איך הייץ אונטער דעם אויוון, קומען מיר אַזעלכע טייוולאָנישע זאַכן אין זינען. איך ווייס, דו ביסט איינע אַליין, טיר ביי טיר, אָ, זיי מיר מוחל, מאַרישאַ, קושט איר די האַנט איך ווייס, איך בין אַ שלעכ־טער מענטש. דאָס מאַכט דאָס גיהנמשע פייער, ביי וועלכן איך שטיי אַ גאַנצע נאַכט.

זאַסלושא

טייוואָלים זיצן אין פייער, אַ קליניקייט אין אַזאַ היץ, קריכן זיי אַרויס פון פייער אין דיין האַרץ אַריין. מוזט פאַרטרייבן פון דיר דעם טייוול, ער קען דיך נאָך מזיקן.

מאַרישא

טו אָן דאָס היטל, גיי צו דער אַרבעט, עס איז שפּעט. ס'זע־נען אַלע שוין פאַרבייגעגאַנגען. טוט אים אָן דאָס היטל

אַנטאָן

אַ דאַנק דיר, מאַרישאַ.

מאַרישא

און זיי רואיג דאָרט ביינאַכט, די מאַמע וועט מיט מיר שלאָפן אין בעט, ביי מיר אין שטוב.



אַנטאָן

אַ דאַנק דיר, מאַרישא, מלאכל מיינס. קושט איר די האַנט אַ דאַנק אייך, מוטערל. ניין, ניין, מאַרישא, שלאָף אַליין, איך גלויב דיר, איך ווייס, דו וועסט נישט טאָן קיין שלעכטס. מיין משוגעת אַזאַ. אַ גוטע נאַכט. שלאָף רואיג, מיין קינד.

זאַסלושא

וואַרט אַ מינוט, אַנטאָן. נאַ, טו אָן דאָס צלמל, וועלן די טייוואָלים איבער דיר קיין שליטה נישט האָבן. טוט אים אָן אַ צלמל אַנטאָן לויפט אַרויס, עס הערן זיך די לעצטע קלאַנגען פון פאַבריק

פאָטער סעווערין

קומט אַריין מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט

זאַסלושא

ביסט שוין דאָ. אָ, פאָטערל, אַנטאָן זאָל נאָר שפּעט נישט זיין, ער איז ערשט איצט אַוועקגעלאָפן.

סעווערין

די נאַכט-אַרבעטער מוזן זיין פריער, איידער די טאָג-אַרבעטער צוגייען זיך, אַזוי זענען די געזעצן פון טאָמקינסוויל. איך האָב מורא, מען וועט אים שטראָפן, פאַר וואָס ער האָט זיך פאַר־שפּעטיגט.

זאַסלושא

צעווערטלט זיך מיטן ווייב, ווי עס טרעפט זיך ביי לייטן, ווי ביי אונז אַמאָל.

פאָטער סעווערין

אונזער איינער האָט נישט קיין רעכט אויף אַזעלכע זאַכן פאַר דער אַרבעט. עס פאַרנעמט צופיל צייט. איז ווערושקא נאָך נישט צוריקגעקומען?

זאַסלושא

וואו האָסטו זי דען געשיקט?

פאָטער סעווערין

איך האָב זי געבעטן, אַז זי זאָל מיר ברענגען אַביסל שוואַר־צע ערד פאַר דער מירטע, אפשר וועט זי געפינען שוואַרצע ערד הינטער די מינען. די ערד איז דאָ אַזוי קוילנדיג. די

מירטע אין קראַנק און דאַרף ערד. ער גייט צו צו דער מירטע אויף
באַטראַכט זי און עס איז דאָך ווערושקעס, ווען זי איז געבוירן
געוואָרן, געפלאַנצט פאַר אַ חופה-קראַנץ, ווען מען וועט זי אין
קירכע פירן צום „שלוב". באַקוקט די מירטע פייניגט זיך, נעבעך,
דאָס אָרעמע באַשעפעניש. שוין ווידער אַ בלאַט פאַרוויאַנעט גע-
וואָרן. קען נישט אָטעמען די לופט דאָ.

**ז אַ ס ל ו ש א**
דאָס איך האָב דיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז בחנם פייניגסטו
אָרעמע באַשעפעניש, ס'וועט סיי ווי סיי גאָר נישט דערפון
אַרויסקומען. ס'וויל שטאַרבן, לאָז עס שטאַרבן, איבערגעפלאַנצט
זי אויף שלעכטן באָדן. אין אַמעריקע אַ חוץ קויל, וואַקסט
קיין זאַך נישט.

**פ אָ ט ע ר ס ע וו ע ר י ן**
אויך מען לאָזט מענטש אַ פרובירן. מען דאַרף פונדעסטוועגן
אונז מיט געוועזן עס איז לאַנג אַזוי שטאַרבן. אַזוי נישט
מענטשן-פלאַנצונגען קיין אָרט. שלעכט אַ רחמנות, אַ צוזאַמען,
גאַנ- דאָס אויב נישט, ווייס איך האַלטן. נישט דאָ זיך קענען
מענטשלעכע קיין זאָל עס אַז פאַרשאָלטן, איז דאָ לאַנד צע
פלאַנצונגען נישט וואַקסן, אַ חוץ די שוואַרצע קויל.

**מ אַ ר י ש א**
אַ מייל הונדערט צו, מזרח צו דאָרט, אַז דערציילט, זייצעוו
זיך שפרייטן פעלדער, ברייטע לאַנגע זיך געפינען דאַנען, פון
פעטע, אַ און גוטע אַ איז ערד די אויס. זאַנגען מענטשלעכע
דאָרט האָט ער דאָרט, וואַקסן תבואות מענטשלעכע אַלערליי
אַליין געאַרבעט,

**ז אַ ס ל ו ש א**
זייצעוו. דיין מיט צורו מיך לאָז דערציילט. זייצעוו דיין וואָס
נאָמען דעם זאָלסט טאָכטער, דיר, פאַר געווען גלייכער וואָלט
גאָר נישט דערמאָנען. דו ווייסט שוין, פאַרוואָס.

**פ אָ ט ע ר ס ע וו ע ר י ן**
פאַרוואָס ?



**ז אַ ס ל ו ש א**
קוקט אָן די טאָכטער
ווייל זייצעוו איז אַ ליגנער. אין אַמעריקע אַקערט מען נישט
אויף דער ערד, און מען שניידט נישט אויפן פעלד, נאָר אונ-
טערן פעלד, ווי די קויל, וואָס מען שניידט פון דער ערד
אַרויס.

**פ אָ ט ע ר ס ע וו ע ר י ן**
יאָ, איך געדענק, ווען מען האָט אונז פון שיף געפירט אַהיים,
מיט דער באַן, דאָ אַרויס, האָבן מיר געזען דורך די באַן-
פענסטער אַזעלכע ברייטע לאָנקעס, מיט אַלערליי בלומען, און
הויכע מענטשלעכע זאַנגען האָבן מיר געזען. גוטע זאַנגען,
גרויסע און רייפע, און גרויסע גראָז האָבן מיר געזען. נאָר
דאָס איז שוין געווען זייער לאַנג. איך האָב שוין באַלד פאַר-
געסן, ווי עס זעט אויס. דורך דער גאַנצער צייט קיין אַנדער
געוויקס נישט געזען. נאָר די שוואַרצע קויל.

**ז אַ ס ל ו ש א**
הער אויף צו קרעכצן, אַלטער. וואָס איז דיר דער חילוק, פון
וואָס דו ציסט דיין חיונה, פון דער זאַנג אָדער פון דער קויל.
דאָס איז נישט דיינס, און יענץ איז נישט דיינס. און די קויל
איז אַזאַ גאָטס באַשעפעניש, ווי די זאַנג. ביידע קומען זיי פון
דער ערד.

**פ אָ ט ע ר ס ע וו ע ר י ן**
דאָס איז רעכט, אַלטעטשקע, אַרבעטנדיג אָבער אין פעלד, ביי
דער זאַנג, האָסטו גאָטס הימל איבער דיר, קוקסטו אין הימל
אַרויף, דערמאָנסטו זיך אָן גאָט און טוסט גאָט לויבן. ביי
דער קויל אָבער זעסטו קיין זאַך נישט, נאָר די קויל און די
נאַכט, און עס דאַכט זיך דיר, אַז דו דינסט נישט צו גאָט,
נאָר צום טייוול. שטראָף נישט פאַר די רייד.

**ז אַ ס ל ו ש א**
גאָט איז אומעטום.

**פּאָטער סעוועריִן**

דו האָסט רעכט, אַלטעטשקע. נו, וואו איז ווערושקאַ? די נאַכט פאַלט צו, עס ווערט שפּעט.

**זאַסלושא**

בלאָנדזשעט אַרום אַודאי, זוכנדיג אַ הויפן שוואַרצע ערד. וואָס דיר פאַלט איין, אַלטער, צו געפינען מענטשלעכע ערד ביי די קוילן-גרעבער.

**מאַרישאַ**

*וועלכע האָט זיך געפּאָרעט אַרום דער קיך*

די מויד איז שוין דערוואַקסן, האָט שוין באַדאַרפט אין פאַבריק גיין, געלט פאַרדינען, ערשט מיט אַזעלכע נאַרישקייטן. איך אין אירע יאָרן בין שוין לאַנג אין פאַבריק געזעסן.

**זאַסלושא**

זי איז דאָך ערשט פון שולע אַרויס, און היינט איז איר לעצטער פרייער טאָג.

**פּאָטער סעוועריִן**

איך האָב שוין פאַר איר די „פּאָוויעסטקע". זי זאָל זיך מאָרגן אין פאַבריק מעלדן. זעכצן יאָר אַלט געוואָרן.

**זאַסלושא**

דער פעדלער-ייד האָט עס מיר געזאָגט, האָב איך פאַר איר אַ קוכן אָפּגעבאַקן, אַ פּאָר לייט, שכנים, פאַרבעטן, עס איז דאָך איר לעצטער פרייער טאָג.

**פּאָטער סעוועריִן**

און מיך ווילן זיי פון דער מינע אַרויסשיקן, האָבן מיך אין קאַנצעלאַריע גערופן, און געזאָגט, אַז איך בין שוין צו אַלט אין דער מינע אַראָפּצוגיין. איך האָב מורא, אַן אומגליק שטייט אונז פאָר. האָבן מיר געגעבן אַ פּאַפּיר אונטערצושרייבן. איך האָב שטענדיג מורא פאַר פּאַפּירן. אַז מען גיט אַ פּאַפּיר, איז נישט גוט.

**זאַסלושא**

שריי נישט, איידער מען שלאָגט דיך נישט. די הון קוואָקעט



אויך נישט, איידער מען שעכט זי. לאָז שטיין דיין מירטע, אַלטער.

**פעדלער חזקאל**

*קומט אַריין מיטן זאַק אויף די פּלייצעס*

אַלץ נאָך פאַרנומען ביי דער פלאַנצונג, ווי שטענדיג. בחנם מוטשעסט דו זיך, אַלטער. וואָס איז באַשערט צו שטאַרבן, ווערסטו נישט לעבעדיג מאַכן.

**פּאָטער סעוועריִן**

און דו טראָג דיך בעסער אָפּ פון דאַנען. זיי וועלן דיך כאַפּן, אַז דו טראָגסט אַרום סחורות צו פאַרקויפן צו די אַרבעטער, וועלן זיי דיך אין לאָך אַריינזעצן. האָבן באַפוילן קיין זאַך נישט צו קויפן, אַ חוץ פון די פאַבריקס-געוועלבער.

**פעדלער חזקאל**

וואָס, טאָמקינס גייט קאָנקורירן מיט מיר? איך קען אים שוין מיין פּאַק אָפּטרעטן. *לייגט אַראָפּ זיין פּאַק* טאָמקינס וועט ווערן אַ פעדלער, וועט ער זיין גאַנץ געלט פאַרלירן. אַ רחמנות אויף אים. וואָס פאַר אַ פעדלער איז ער? אַ פעדלער מוז קענען אַלע זיינע קונים. וויסן, ווי זיי הייסן, און ווי זייערע ווייבער און קינדער הייסן. געדענקען אויפן קאָפּ יעדן איינעמס געבורטס-טאָג, ווען אַ קונה גייט אַ חתן-ווערן, אָדער האָט אַ טאָכטער אויסצוגעבן, אָדער ווען מען דאַרף אַ ברית מאַכן. אָ, נעמט אייך, פּאָטער סעוועריִן, — ווייסט טאָמקינס, למשל, אַז איר האָט אַ שיין טעכטערל, אַ ליב קינד, וועלכע ווערט היינט זעכצן יאָר אַלט, און וועט מוזן אָנהויבן אין פאַבריק גיין, און איר ווילט איר פאַר איר געבורט-טאָג אַ רויט טיכל שענקען? אסור, אויב ער ווייסט, ער זיצט זיך דאָרטן אין די וואַרימע בעדער און עסט זיך זיינע געבראָטענע הינדלעך. און עס גייט אים קיין זאַך נישט אָן. וואָס פאַר אַ פעדלער איז ער? *ער נעמט אַרויס אַ רויט טיכל פון זיין זאַק און ווייזט עס דעם פּאָטער סעוועריִן*

**פּאָטער סעוועריִן**

איך מיין עס נישט קיין שפּאַס. האָבן אָנגעזאָגט נאָר אין די פאַבריק-געוועלבער צו קויפן — אַלץ וואָס מען דאַרף.

**פעדלער**

איך וואָלט געוואָלט וויסן, אויב טאָמקינס קויפט אויך נאָר איין גערוועלב — און זאַכן וואָס ער דאַרף? עס קומט אַריין דער איטאַליענער טאָני אַ, נעמט, למשל, אונזער פריינט טאָני, איך ווייס, אַז טאָני וואָלט גערן געוואָלט האָבן אַ רינג מיט אַ בריליאַנט, ער קלערט שוין לאַנג דערפון, וויל פון זיך אַ פאָטאָגראַפיע לאָזן אַראָפנעמען און אַ היים שיקן נאָך איטאַליע צו די זייניגע. פאַרוואָס נישט? אַ מענטש אַרבעט, וויל ער ווייזן די זייניגע אין דער היים, אַז אַ מענטש אַרבעט נישט בחנם, אַז אַ מענטש איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען אין אַמעריקע, איז צו עפעס געקומען. אַדרבא, לאָז ער גיין צו מיין קאָנקורענט, פעדלער טאָמקינס, זיך קויפן אַ בריליאַנטענעם רינג. וועט די ערשטע פראַגע זיין: נאָך וואָס דאַרפסטו אַ בריליאַנטענעם רינג? אַן אַרבעטער דאַרף נישט טראָגן קיין בריליאַנטענעם רינג. בריליאַנטן מעג איך נאָר אַליין טראָגן. איך, מיין ווייב, מיינע קינדער, אָבער, דו, פינסטערער אַרבעטער — טראָג קוילן, נישט קיין בריליאַנטן. און געלט האָסטו? פון וואַנען האָסטו געלט אויף בריליאַנטן? — נו, נו, וואָלט זיך דאָס אָנגעהויבן אַ ביסל צרות. קומט אָבער פריינט טאָני צום פעדלער חזקאל נאָך אַ בריליאַנטענעם רינג, פרעגט ער נישט נאָך וואָס, נאָך ווען. מיין עסק? נעמט אַרויס דעם שענסטן בעסטן רינג און זאָגט צו מיין פריינט טאָני: טאָני, ווילסט האָבן אַ רינג מיט אַ בריליאַנט? דאָ האָסטו אַ רינג! איך פרעג נישט, יאָ געלט, נישט געלט. וועסט האָבן געלט, וועסטו מיר באַצאָלן. אַ דאָלאַר אַ וואָך, צוויי דאָלאַר אַ וואָך, איך ווייס, דו וועסט נישט באַצולען אַן אָרימען פעדלער ווי איך בין. נעמט ראַש אַרויס אַ רינג און גיט אים אין האַנט אַריין

**טאָני**

האַלט דעם רינג, באַקוקט אים

מיינסט עס אויף דער וואָר?



**פעדלער**

אַ פעדלער האָט נישט קיין צייט צו שפּאָטן. דאָס קענען זיך נאָר פאַרגינען די רייכע.

**טאָני**

באַקוקט דעם רינג

וועלן וויל איך אים טאַקע, נאָר איך ווייס?... גיט אים צוריק

**פעדלער**

וואָס איז דאָס? מיינסט אפשר, ער איז נישט קיין אמתער — זע די פראָבע.

**טאָני**

כ'האָב זיך איבערגעלייגט. ליבער באַהאַלטן דאָס געלט אויף אַהיימצופאָרן.

**פעדלער**

אַהיימצופאָרן?

**טאָני**

יאָ, שרייבט מיר מיין ברודער, אַז אונזער פעטער איז געשטאָרבן, און איך קען אָפּקויפן דעם ווייגאָרטן זיינעם, וואָס ער האָט אין שכנות מיט אים, פאַר זייער ביליג. די יתומים ווילן עס פאַרקויפן. טראַכט איך: אפשר אַהיימפאָרן און באַאַרבעטן מיין פעטערס ווייגאָרטן? ס'איז שטענדיג געווען אַ פעטער גאָרטן.

**זאַסלושאַ**

דער, וואָס האָט איינמאָל דערשמעקט די קויל, וועט זיך פון איר אַזוי פלינק נישט אַרויסרייסן. אַ כשוף, ברודערל.

**פעדלער**

מעגסט עס זאָגן נאָכאַמאָל. שוין געהערט אַזעלכע רייד. דריי איך זיך דאָך דאָ אַרום שוין אַ יאָר צוואַנציג צווישן די קוילנגרעבערס. אָ, נישט איינמאָל שוין געהערט דעם זעלבן שפּרוך. געזען מענטשן, וואָס קומען פון כינע, אַנדערע פון טערקיי, גאָר אַנדערע פון אונזערע אייגענע מקומות, און אַלע האָבן זיי געזונגען דאָס זעלבע לידל: אָנזאַמלען געלט אויף אַן אייגן פעלד, אויף אַן אייגענעם גאָרטן, אויף פור און פערד אייגענע.

איינער האָט געוואָלט אַהיימפאָרן קיין כינע, דער צווייטער קיין טערקיי, דער דריטער אין אונזערע אייגענע מקומות — און אָט ליגן זיי אַלע הינטער די מינעס באַגראָבן, שוואַרצע צלמלעך שטייען זיי צוקאָפּנס און זיי חלומען פון זייערע היימען טיף אין דר'ערד. וואָס ס'ליגט, ברודער, ביי אַמעריקע אין מויל, ווּעסטו שוין נישט אַרויסנעמען. נישטאָ וואָס צו מאַכן.

**טאָני**

*מיט טרויער*

מיינסט, שוין קיינמאָל נישט זען מיין פעטערס גאָרטן? פייגן וואַקסן אין אים.

**זאַסלושא**

דער, וואָס גייט אונטער דער ערד, דער בלייבט שוין דאָרטן.

**פאָטער סעווערין**

ליגט נישט קיין מענטשן שטיינער אויפן האַרצן. די לענדער זענען פאַרשידן, ווייט איינס פון אַנדערן, אָבער דער הימל איז איין איינציגער, און דאָרט אויבן זיצט איין גאָט. און וואָס פאַר אַ חילוק, אויף וואָס פאַר אַ ערד דו געפינסט זיך — אַז דער הימל איז דער אייגענער. *עס שלייכט זיך אריין אַ קליינער גוי, צלמט זיך און זאָגט עפּעס אויף פּויליש, באַהאַלט זיך פאַר דער וואַנט*

**פעדלער**

אַ נו, מיין לאַנדסמאַן סלושאַ, ווי לאַנג ביסטו שוין אין אַמעריקע?

**סלושאַ**

איך קען נישט וויסן, גנעדיגער הער.

**פעדלער**

אַ יאָר צען?

**סלושאַ**

קען זיין אַ יאָר צען.

**פעדלער**

אַ יאָר צוואַנציג?



**סלושאַ**

קען זיין אַ יאָר צוואַנציג.

**פעדלער**

ווּעסט אַהיימפאָרן, דאָ פּאָלסקי?

**סלושאַ**

*שמייכלט*

**פעדלער**

וואָס שמייכלסטו? מענטשן פרעגן.

**סלושאַ**

עס וואָלט זיך געוואָלט.

**פעדלער**

נאָר וואָס דען?

**סלושאַ**

זאָגט, מען קען נישט, געלט שולדיג, באַדאַרף די מולן היטן.

**פעדלער**

אַזוי רעדט ער שוין אַ יאָר צוואַנציג, צייט איך קען אים, און ליגן וועט ער ליגן אונטער אַ שוואַרץ בערגל. נעם, טאָני, דעם רינג *ער גיט אים דעם רינג* די „אָלד-קאָנטרי" שלאָג זיך פון קאָפּ אַרויס. ווּעסט שוין דאָ ליגן אונטער דעם זעלבן שוואַרצן צלמל.

**טאָני**

*נעמט דעם רינג, זאָגט מיט בענקשאַפט*

אַ שאָד מיין פעטערס גאָרטן. פייגנבוימער וואַקסן אין אים.

**פעדלער**

אַלע ווילט איר פאָרן. נאָר איך האָב נישט, וואוּ אַהין צו פאָרן — איז מיר אַלץ איינס, וואוּ איך בין. האַ, האַ, *ער ווייזט אויף זיין פּאַק* איר זעט מיין פּאַק, דאָ האָב איך לענדער אַ סך, — אַלע לענדער דערינען איינגעפּאַקט, אין וועלכן לאַנד איך וויל פאָרן — באַדאַרף איך נאָר אַרויסנעמען פון מיין פּאַק. *אַ גערודער הינטער דער טיר, אַ הויך רעדן אין אַ פרעמדער שפּראַך* אַ-האַ, די טערקן קומען!

**מאַכמעד כאַדזשי**

קומט אריין אַ הויכער טערק מיט אַ פליישיגער נאָז, רעדט הויך, מאַכנדיג מיט די הענט, קריגנדיג זיך מיט א נידעריגן גריך, וואָס גייט נעבן אים

**פעדלער חזקאל**

וואָס איז, סולטאַן מאַכמעט, פירסט שוין ווידער מלחמה מיטן גריך?

**מאַכמעד כאַדזשי**

רעדט הויך און פלינק

ער זאָגט ווייזנדיג אויפן גריך קאָרפו איז גריכיש, און איך זאָג: קאָרפו איז טערקיש. געווען, און שטענדיג געווען. ער זאָגט: נעמען קאָרפו. איך זאָג: נישט געבן. ער זאָגט: מאַכן פיף-פאַף. איך זאָג: מאַכן פיף-פאַף. ער זאָגט: גריך איז שטאַרקער. איך זאָג: טערק איז שטאַרקער. ער זאָגט: ענגלאַנד וועט זיך אָננעמען. איך זאָג: ענגלאַנד — דאָרט, דייטש — דאָ, כע-כע-כע!

**פעדלער חזקאל**

וואָס פאַראַ נאַרישע מענטשן דאָס זענען. וואָס אַרט עס אייך, וואָס קאָרפו איז? צום טערק און אַז קאָרפו איז טערקיש, קומט דיר עפּעס אַרויס דערפון? צום גריך און אַז קאָרפו איז גריכיש, דאַרפסטו מאָרגן נישט גיין ווייזט אין דר'ערד אין קעלער אַריין צו די קוילן? וואָס פאַראַ נאַרישע מענטשן דאָס זענען? גייען זיך שלאָגן! איבער וואָס? כ'האָב געמיינט איבער עפּעס. געהערט, איבער קאָרפו. זאָל זיין גריכיש, זאָל זיין טערקיש, נאַראָנים, וואָס איז אייך דער חילוק? וואָס וועט אייך דערפון אַרויס-קומען?

**פאָטער סעוועריין**

דער ייד האָט רעכט.

**גריך**

אַז עס וועט קומען דערצו, וועל איך אַהיים פאָרן — פייטן.

**מאכמעד כאַדזשי**

קלאַפּט זיך אין הארצן

איך אויך, איך אויך.

**פעדלער**

און דער „באָס" וואָס וועט זאָגן? דער „באָס" וועט זאָגן: די,



כאַדזשי, גיי אַראָפּ אין שאַכט אַריין, קוילן גראָבן, און דו, ווענעסעליס, גיי אַראָפּ אין קעלער אַריין צו די מולן. אָט וואָס ער וועט זאָגן. און ער וועט רעכט האָבן אויך. דאָס, וואָס איז געווען אין דער „אָלד קאָנטרי", איז אַלעס אין ים אַריינגע-וואָרפן געוואָרן. געדענקט איר, איר זענט געפאָרן איבער אַ גרויסן, גרויסן ים? דאָ איז נישטאָ נישט קיין טערק, נישט קיין גריך. יאָ קאָרפו, נישט קאָרפו. — דאָ זענען אַלע ברי-דער. גיט אייך די הענט און בעט אייך איבער. נישטאָ איבער וואָס זיך צו קריגן. וואָס זאָגסטו, פאָטער סעוועריין, האָב איך נישט רעכט?

**פאָטער סעוועריין**

איך מיין אויך אַזוי. די זאַכן זענען גוט פאַר אַ העכערן קלאַס מענטשן. זיי ווייסן, וואָס דאָס מיינט. מיר, געמיינער קלאַס מענטשן, מיר ווייסן נישט, וואָס דאָס איז. ניין, ברודער, נישטאָ איבער וואָס זיך צו קריגן.

**פעדלער חזקאל**

איר הערט, וואָס אַן עלטערער מענטש רעדט צו אייך, בעט אייך איבער, נאַראָנים, גיט אייך די הענט, נישטאָ איבער וואָס זיך צו קריגן. געהערט, צי קאָרפו זאָל זיין טערקיש אָדער גריכיש! קוקט אָן מיך. איך בין דאָך אויך אַ מענטש, און פאַרוואָס איז מיר נישט קיין חילוק? גיט אייך די הענט, נישטאָ איבער וואָס זיך צו קריגן.

פון דרויסן הערט זיך א רוסיש ליד פייפן. מאַרישאַ, וועלכע איז די גאַנצע צייט געווען פאַרנומען ביים אויוון, שפרינגט אויף, וויל אַרויסגיין. די מוטער קוקט זי-אָן און האַלט זי צוריק מיט איר בליק. זייצעוו קומט אַריין. ער איז אַ שיינער, הויכער גוי, ער האַלט אין האַנט אַ גרויסן רויזן-בוש. אַלע שפרינגען אויף פאַר איבעראַשונג, דערזעענדיג אים

**זייצעוו**

אַ שיינעם גוטן אָוונט.

**זאַסלושאַ**

אַזוי ווי עס וואָלט ווער נאָך אים געשיקט.

**זייצעוו**

נישט געבעטן, אַליין געקומען, אַ שמחה ביי אייך היינט.

**פּאָטער סעווערין**

טרייב נישט, אַלטע, קיין מענטשן פון שטוב.

**זייצעוו**

און נישט מיט ליידיגע הענט, האָסט דאָך ליב, מאַרישא, רויטע ווילדע רויזן, די, וועלכע וואַקסן ביי אונז אין דערהיים זומער אויף די פעלדער.

**מאַרישא**

*וויל זיך אויפכאַפּן, צולויפן צום בוש רויזן*

**זאַסלושא**

דו זיץ. האָסט נישט וואָס צו גיין.

**פּאָטער סעווערין**

וואָס מורמלסטו, אַלטע?

**זאַסלושא**

נישט דיין עסק.

**דער פּאָליאַק**

*שמייכלט זיך אונטער צו זייצעוון, גלעט דעם בוש*

גאָט מיינער, ווי אין דערהיים זומערצייט — ווי אַ גרויסער יום-טוב. אָ, ווי לאַנג דאָס נישט געזען.

**טאָני**

*כאַפּט אַרויס דעם בוש פון פּאָליאַקס האַנט*

איטאַליע, נעאַפּאָליס — אַ גאַנץ יאָר וואַקסט עס אין איטאַליע.

*קושט דעם בוש* איטאַליע, נעאַפּאָליס.

**דער טערק**

*קלאַפּט זיך אין האַרץ*

איך אויך. דאָרט טערקיי, סמירנאָ, פול, פול, אַלע, אַלע פעלדער, שיינע, גרויסע.

**דער גריך**

און גריכנלאַנד, גריכנלאַנד — אַ רויז *פרייט זיך אויף דעם איינפאַל* גריכנלאַנד *— ווייזט אויפן בוש*



**דער טערק**

ניין, נישט גריכנלאַנד — טערקיי, סמירנאָ, שמעקט, שמעקט. גריכנלאַנד פוי *פאַרהאַלט זיך די נאָז*

**גריך**

גריכנלאַנד שמעקט, גריכנלאַנד אַ רויז, טערקיי פוי — *פאַרהאַלט זיך די נאָז*

**פעלדער חזקאל**

עס הויבט זיך שוין ווידער אָן: עס שמעקטביידע. *צערייסט זיי.*

*אַ שטילער יאַפּאַנעזער, וועלכער איז געזעסן די גאַנצע צייט אין אַ ווינקל, גייט צו מיט לייכטע טריט, גלעט דעם רויזן-בוש און שמייכלט צו זיך*

יאַ—פּאַן, כי-כי-כי.

**זייצעוו**

איטאַליע, טערקיי, גריכנלאַנד, גיב נאָר אַ קוק, ווי זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט. אָן דערהיים זיך דערמאָנט, נאָך ערד זיך פאַרבענקט. וואָס זיצט איר דאָ אין דער שוואַרצער קויל! נישט ווייט זענען גרויסע פעלדער דאָ!

**טאָני**

פעלדער, זאָגסטו?

**זאַסלושא**

וואָס ער דערציילט דאָרט. *צו מאַרישאַן* נעם צו דעם רויזן-בוש. זעט, ווי דאָס האָט זיך צום גרעזל צוגעכאַפּט. נעם עס צו, מאַרישא, זיי וועלן עס דיר אויפעסן אַ לעבעדיגס. *מאַרישא, וועלכע איז שוין פון לאַנג צוגעלאָפן און געוואָלט צוכאַפּן דעם רויזן-בוש, הערט פלוצלונג צוריקגעהאַלטן פון פאַטערס באַפעל*

**פּאָטער סעווערין**

לאָז עס שטיין, טאָכטער, *צו זייצעוון* וואו האָסטו דאָס גענומען? איז דאָך מיין ווערושקאַ אַ גאַנצן טאָג אין דער וויסטע, לויפט אַרום נאָך אַ האַנט ערד. און איז נאָך נישט צוריקגעקומען. דאָס לאַנד איז דאָך וויסט אַרום.

**זייצעוו**

אין דער וויסטע? מיר אַליין וואוינען נאָר אין גאָטס פאַרשאָלטן

לאַנד. דער פאַרוואַלטער פון דער מינע וואוינט אפילו אין דער ווייסטע צווישן רויזן.

**פאָטער סעוועריין**

גערקריגן אַ געשאַנק?

**זייצעוו**

אַך, אַך, דאָס איז שוין אַביסל צופיל פאַרלאַנגט. דעם פאַרוואַלטערס גאָרטן פאַרבייגעגאַנגען, געזען דער רויטער רויזן-בוש קוקט אַרויס פון איבער אַ פלויט, דערמאָנט זיך ווערושקאַס געבורטסטאָג היינט, איר לעצטער פרייער טאָג. צו וואָס האָט מיר גאָט געגעבן אַ פּאָר לאַנגע הענט און הויכע פיס?...

**פאָטער סעוועריין**

האָסט עס, הייסט עס, צוגעגנבעט?

**זייצעוו**

ווער זאָגט צוגעגנבעט? איך האָב עס פאַרזייט, איך האָב עס געפלאַנצט, איך האָב עס געפלעגט, און איך האָב איבער דעם געוואַרט — וועמעס איז עס, נישט מיינס?

**פאָטער סעוועריין**

נעם עס צו פון מיין שטוב, עס איז גנבה.

**זאָסלושא**

וואָס וועט ווערושא זאָגן?

**מאַרישא**

דעם שיינעם רויטן רויזן-בוש? ווייל אים באַשיצן

**זייצעוו**

ער האָט דאָרט פיל. איך האָב אַזוי פאַרשיט דאָס אָרט, אַז קיין מענטש קען נישט דערקענען.

**פאָטער סעוועריין**

קיין מענטש וועט נישט דערקענען, אָבער גאָט וועט שוין דערקענען. ער ציילט יעדעס בלעטל פון בוים און ווייסט אַ חשבון פון אַלצדינג. שטעלט אַרויס דעם בלומען-טאָפּ פון שטוב אַרויס

**זאָסלושא**

אַן אָרים באַשעפעניש אַליין אין פעלד מעג מען באַרויבן פון



ביסעלע חיונה? דעם אָרימאַן מעג מען באַרויבן, נאָר נישט דעם נגיד?

**פאָטער סעוועריין**

דאָס געוויקס אין פעלדער איז הפקר. גאָט האָט געפלאַנצט און געזייט, און עס געהערט צו קיינעם נישט, נאָר צו גאָט אַליין. דאָס אָבער געהערט צו אַ מענטשן.

**זייצעוו**

איך האָב עס געפלאַנצט און געהיט עס פון זונען-היץ. דריי יאָר בין איך ביים פאַרוואַלטער גערטנער געווען. איך האָב עס אויסגעהאָדעוועט. ער ווייסט גאָר נישט, אַז עס געפינט זיך אַזאַ בוש אין זיין גאָרטן.

**פאָטער סעוועריין**

ער האָט דיר אָבער דערפאַר געלט באַצאָלט.

**זייצעוו**

און אַז ער האָט געלט באַצאָלט, איז וואָס? ווייסט ער דערפון? דריי יאָר האָב איך עס געהיט, ווי אַן אויג אין קאָפּ, די ערד אויפגעקאָפּעט, טרינקען עס געגעבן צו דער צייט, יעדעס בלעטל געציילט. דריי יאָר נאָכאַנאַנד, צייט איך בין אין די מינען דאָ... איך האָב עס אין דער ווייסטע פאַרפלאַנצט, ביז איך האָב עס דערלעבט צו זען אויפוואַקסן, איצט זאָגסטו, עס איז זיינס, פאַרוואָס איז עס זיינס?

**פאָטער סעוועריין**

דאָס ווייסן מיר נישט, נאָר די וועלט פירט זיך שוין אַזוי: איינער אַרבעט, דער צווייטער באַצאָלט. פאַרוואָס עס איז אַזוי, דאָס ווייסן מיר נישט. דאָס ווייסן נאָר די גרויסע לייט. מיר, געמיינעס פאָלק, ווייסן נישט, מיר דאַרפן טאָן, וואָס מען הייסט אונז.

**פעדלער חזקאל**

איבער וואָס איז זיך דאָ צו קריגן, איבער אַ צווייגל אַ פאַרדאַרט? היינט לעבט עס, מאָרגן איז עס טויט. איך וועל אייך פאַרקויפן בלומען, וואָס ווערן קיינמאָל נישט פאַרטריקנט, שטעג-

דיג זענען זיי פריש, לעבעדיג, און נישט נאָר בלומען, בלו־מען מיט פייגל, מיט זינגנדיגע קאַנאַריקעס. די בלומען בליען שטענדיג און די פייגל זינגען שטענדיג *ער פאַקט אויף זיין פּאַק און נעמט אַרויס באַבלומטע פוילישע קאָפּ־טיכלעך* אָט האָסטו זיי, נישט איין צווייגל, נאָר אַ גאַנצן בוים, אַ גאַנצן גאָרטן. גיט נאָר אַ קוק. *צום איטאַליענער* איטאַליע *צום טערק* טערקיי, סמירנאָ, עס שמעקט. *צום גריך* גריכנלאַנד. נאַ. קוקט אייך איין.

**טאָני**

*קוקט זיך איין*

אַז מען קוקט זיך אַזוי גוט איין אין אַזאַ טיכל, דאַכט זיך טאַקע, ווי עס וואָלט געווען לעבעדיגע בלומען.

**פּאָליאַק**

*שמייכלט*

ווי אין דערהיים, פרילינג, ווען די פייגל הויבן אָן צוריק צו קומען.

**טערק**

סמירנאָ.

**פּעדלער**

קויפט לעבעדיגע בלומען.

**ייצעוו**

*עמט אַ טיכל*

דאָס קען איך קויפן פאַר געלט. *שענקט עס מאַרישאַן*

**פּעדלער**

נו, האָט זיך געלוינט צו קריגן? *די אַרבעטער קויפן טיכלעך קוקן זיך אום* און וואו איז דאָס מיידל?

**פּאָטער סעווערין**

נו, אַלטעטשקע, האָסט דאָך עפּעס אַ קוכן אָפּגעבאַקן פאַר דעם יום־טוב. פאַרוואָס דערלאַנגסטו אים נישט אויפן טיש?

**זאַסלושאַ**

אַז ווערושקאַ איז נאָך נישט צוריקגעקומען *קוקט אַרויס אומגעדולדיג*

**פּאָטער סעווערין**

זי וועט באַלד אַריינקומען — דאַכט זיך, איך הער זי שוין.



**זייצוו**

*צו מאַרישאַן*

פאַר דיין לעצטן טאָג. -- גיב, אַלטע, צו טרינקען.

**מאַרישאַ**

פאַרוואָס דעם לעצטן?

**זייצעוו**

פאַר דעם לעצטן, פאַר דעם פרייען.

**זאַסלושא**

*הויבט אָן צו וויינען*

**פּאָטער סעווערין**

פאַרוואָס וויינסטו?

**זאַסלושא**

פרייען זיך איז נישטאָ וואָס. אויפגעצויגן אַ טאָכטער פאַר אַנ־דערע. ביז היינט איז זי דאָך געווען מיין. איך האָב איר יעדן טאָג די האָר געקעמט. און פון מאָרגן אָן געהער זי שוין אַנדערע. אויפגעצויגן פאַר אַנדערע.

**פּאָטער סעווערין**

אויפגעצויגן, מענטשן נוצן צו ברענגען.

**ווערושקא**

*האַלט אין שערצל אַ ביסל שוואַרצע ערד, רופט שוין פון דרויסן*

פּאַפּעשקאַ, פּאַפּעשקאַ, פּאַפּעשקאַ!

**סעווערין**

*אויך אַלע אַנדערע אומגעדולדיג*

ווערושקא, וואָס איז געשען?

**ווערושקא**

נאַ, זע, וואָס איך האָב *עפנט אויף דאָס שערצל*

**סעווערין**

*מיט פרייד און איבערראַשונג*

שוואַרצע ערד! פון וואַנען האָסטו עס גענומען?

**ווערושקא**

געפונען דאָרט אין דרויסן, הינטער דער מינע. — אַ ווילדער

פּאַפּירוס געלעגן איינזאַם — אַזוי אַליין. *פויערים קומען צו באַקוקן די ערד.*

**סלושאַ**

*בעמט אַ האַנט ערד פון שערצל אַרויס — און שמעקט*

אָ, יעזוס טייערער, — ווי לאַנג שוין דאָס נישט געזען? עס שמעקט ווי די „אויטשיזנאַ" — ווי פּאָלסקאַ... *ער ווישט זיך די אויגן* אַז מען דערזעט עס — גיט עס אַזאַ קלעם ביים האַרץ — יעזוס, מאַריאַ!

**אַנדערע**

*שטופן אים אָפּ, רייסן זיך צו דער פּויסט ערד*

**יאַפּאַנעזער**

כי, כי, כי — רייז וואָלט געקאָנט וואַקסן דערויף, רייז וואָלט געקאָנט וואַקסן דערויף.

**סעווערין**

*פרייענדיג זיך*

און שוואַרצינקע אויך — פרישינקע, כ'לעבן, פרישינקע — ווי ביי אונז אין דערהיים, וואָס מיינסטו, שכן, *צו סלושאַן* אַז מען האָט אַזעלכעס אַ דעסיאַטין צוואַנציג, הע? וויפיל קערצלעך ווייץ וואָלט מען געקאָנט פאַרזייען דערויף — הע?

**טאָני**

ביי אונז, אין איטאַליע, ווען מיר האָבן אַזאַ גאָרטן אַ גרויסן — מיט פייגן, מיט ווייַן. *אַמפּערן זיך, רייסן אַלע דאָס ביסעלע ערד*

**זאַסלושאַ**

גיב נאָר אַ קוק, זיי וועלן דאָך באַלד דאָס ביסל ערד אויסשיטן — ווערושקאַ, באַהאַלט עס, באַהאַלט עס פאַרן אָרימען באַשעפעניש. *ווערושקאַ כאַפּט דאָס ביסל ערד אין שערץ אַריין*

**גריך**

*בעטנדיג זיך ביי איר*

לאָז מיך אַ שמעק געבן, ווערושקאַ, איין איינציגן שמעק — עס טוט אַזוי גוט.

**ווערושקאַ**

עס וועט אויסגעוועבט ווערן.



**סעווערין**

פון וואַנען האָסטו עס גענומען?

**ווערושקאַ**

איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אין דרויסן, אונטער דעם פאַרוואַלטערס גאָרטן. — האָט זיך אַן איינזאַמער פּאַפּירוס פאַרוואַלגערט. קראַנק איז עס און שוואַך, קוים וואָס עס האַלט זיך אין באָדן.

**זייצעוו**

אַודאי פון גאָרטן אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

**ווערושקאַ**

אַז איך האָב אים געוואָלט דאָס ביסעלע ערד צונעמען — האָט ער זיך ווי געבעטן ביי מיר, אַז איך זאָל אים נישט באַרויבן. *מיט געלעכטער* ווייסטו, פּאָטערל, איך האָב אים איבערגעבעטן, דעם פּאַפּירוס. איך האָב אים געזאָגט, אַז עס איז פאַר אונזער קראַנקער מירטע — און איך האָב מיר אַ ביסעלע גענומען.

**זאַסלושאַ**

באַרויבט דאָס אָרימע באַשעפעניש.

**ווערושקאַ**

נישט באַרויבט, ער אַליין מיר געגעבן. האָסט באַדאַרפט זען, ווי עס האָט זיך איינגעבויגן אָן אַ זייט, און איך האָב געפונען אַ שוואַרץ בערגעלע ליגט דערנעבן, ווי עס וואָלט זיך געווען אָנגעגרייט אויף אַ שלעכטע צייט, מיט שטויב און בלעטער באַלייגט — האָב איך דאָס בערגעלע ערד צוגענומען.

**סעווערין**

האָט עס גאָט פאַר מיין מירטע צוגעשיקט. באַשערט, אַז עס זאָל נישט שטאַרבן. אַז גאָט וויל, אַז זיינס אַ באַשעפעניש זאָל לעבן — געפינט ער שוין אַ פּאָרטל דערצו. — האַ, שכנים, געריכט זיך אַזעלכעס אין מיטן דער וויסטע? אַ פּאַפּירוס גאָר מיט אַ בערגעלע שוואַרצע ערד.

**ווערושקאַ**

אָבער פּאַפּעשקאַ, פון דער ווייטנס האָב איך דערזען נאָך מער

שוואַרצע ערד — אַ גרויס לאַנד האָב איך דערזען פון דער־
ווייטנס — אַ סך גרינע פעלדער. אוי, אַ סך, און וואַסער אויך.

די פויערים און שכנים דערשראָקן און ערשטוינט

— וואו האָסטו געזען, דערצייל, ווערושקא, דערצייל!

ווערושקא

דאָרט ווייט אין דרויסן, אין מדבר — פון הימל איז עס אַראָפּ־
געשוואומען. — צוערשט איז עס נאָך געווען אַ מינוט אין דער
לופטן — אַזוי ווי אין שפּיגל דערזען, נאָר באַלד איז עס שוין
געלעגן אויף דער ערד — אַ מייל צוויי צי דריי פון מיר, און
אפשר ווייניגער, האָב איך געזען, ווי עס ליגט אויסגעשפּרייט
מיט לאַנקעס גרינע, מיט וואַסער אין מיטן.

די פויערים ווערן דערשראָקן. טייל צלמען זיך—טייל שטייען דערשלאָגן פאַר פאַרוואונדערונג

אַלע

רינגלען ארום

וואו? וואו? זאָג!

ווערושקא

אין דרויסן, אונטער די מינען.

אַנדערע

האָסט עס אַליין געזען?

ווערושקא

מיט מיינע אייגענע אויגן!

טאָני

און דאָ זענען מיר געזעסן איינגעמויערט און נישט געוואוסט,
אַז הינטער די מינען —

זייצעוו

ווער גייט מיט מיר?

סעווערין

און איך זאָג, גייט נישט, פויערים. מען קען נישט וויסן, וואָס
דאָס איז אַזעלכעס.

זייצעוו

פויערים, ווער גייט מיט מיר זוכן דאָס לאַנד?



טאָני

וואָס זוכן? דעם הונטס עק, וואָס איז געלאָפן פאַרביי — וואָס
אַ באַבע דערציילט.

סלושאַ

איז געגאַנגען דער „הויכער סטאַך” און דער „בלינדער יאָן”
זוכן דאָס צוגעזאָגטע לאַנד — און זענען קיינמאָל נישט געקו־
מען צוריק.

סעווערין

וואָס דען? מיט יענע לייט איז נישט גוט צו האָבן צו טאָן.

זייצעוו

קום מיט מיר — ווייז, וואו דו האָסט געזען, ווערושקא.

חזקאל

[illegible]

לייט, איר הערט: יענס דאָרט — איז אסור ווערט די רייד. —
אַ מיראַזש, וואָס לויפט פאַרביי ער ווייזט זיינע טיכער דאָ האָט איר
אמתע פעלדער. זעט, ווי זיי בליען שיין. פויערים־לייט —
ווער קויפט?

פאָרהאַנג

# צווייטער אַקט

---

ערשט בילד

אין דער קוילן-שאַכט. אַ פינסטער פיר-צקיג קוילנ-שטיבל. אַ לאַנגער פינסטערער קאָרידאָר פירט צום קוילנשטיבל. דער קוילן-באַלקן איז אונטערגעשפּאַרט מיט דיקע בעלקעס. די ווענט זענען שוואַרצע קוילן-ווענט, אויסגעהאַקט ווי אַ ראַך-שטיין. פּאָטער סע-ווערין און אַנטאָן זיצן ביי דער קוילן-וואַנט און צאַבערן אין איר מיט געפּרעסטע לופט-צגבערס.

אַנטאָן

בלייבט פלוצלונג שטיין.

וואָס פאַראַ טייוול ליגט דאָס היינט אין די קוילן. שוין צוויי עגבערס צעבראָכן! עס גייט נישט ווייטער.

פאָטער סעווערין

אַודאי אָנגעטראָפן אויף אַ פעלז, מיינער גייט אויך נישט.

אַנטאָן

ניין, איך האָב מורא, אַז עס איז נישט קיין פעלז. אַ שטיין וואָלט עס געדאַרפט דורכעגבערן, און דאָס איז עפעס אַזוי מאָדנע, שוואַרצע יאָר ווייסן, וואָס דאָס איז.

פאָטער סעווערין

וואָס דען אַנדערש קען עס זיין?

אַנטאָן

ווער קען עס וויסן? די קויל איז אַזאַ מאָדנע באַשעפעניש, מען ווייסט נישט אייגנטלעך, פון וואַנען זי קומט, צי פון גאָט, צי פון טייוול.

פאָטער סעווערין

אַלץ קומט פון גאָט.

אַנטאָן

אָבער דאָס זעט אויס, ווי דעם טייוולס אַ כשוף. שטיין דאַכט זיך, ווי יעדער אַנדערער שטיין, און איז שוואַרץ און פינקל-דיג און האָט אַזאַ פייער אין זיך. מען זעט דאָך, אַז עס קומט פון טייוול; פון וואַנען דען זאָל עס קומען?

פאָטער סעווערין

דאָס קומט פון גאָט, דאָס האָט גאָט באַשאַפן, אַז עס זאָל מענטשן וואַרעם האַלטן, פאַר מענטשלעכע נויטן.

אַנטאָן

אַמאָל, אַז איך זיץ אַזוי און עגבער אין דער קויל, דאַכט זיך מיר, אַז איך זע פֿאַרשידענע שטעדט פֿינקלען אין דער וואַנט. אָט קוק זיך גוט איין, דאַכט זיך דיר, אַז דו זעסט אַ שטאָדט אויסגעהאַקט אין דער קויל, און דאָרט קוק, זעסט נישט, ווי אַ שלאָס וואָלט זיך אויפגעהויבן אויף אַ שפּיץ פֿון אַ באַרג?

פּאָטער סעוועריִן

דאָס איז אמת. אַמאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך זע צערקוועס אין די קוילן: הויכע, שיינע, שטאַרק-געבויטע געבעט-הייזער, מיט צלמים, פֿיל מענטשן גייען אַריין און אַרויס. — אַ יאַרמאַרק, דאַכט זיך אַמאָל, — אַזויפֿיל, ווי מען וואָלט אין דערהיים געווען.

אַנטאָן

עס איז קיין וואונדער נישט, מיר ווייסן נישט, אייגנטלעך, וואו מיר געפֿינען זיך. אַמאָל, אַז איך שטיי אַזוי אין דער פֿינסטער און זע די שוואַרצע קוילן אַרום מיר, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין ביים טייוול אין די הענט געפֿאַנגען. און יוצל שוין קיינמאָל נישט קענען צו די מענטשן צוריקקומען.

פּאָטער סעוועריִן

אַמאָל קומען מיר אויך אַזעלכע געדאַנקען אויפֿן זינען. דערמאָן איך זיך נאָר אָן גאָט, ווייס איך שוין, וואו איך בין, אַז איך שטיי נאָר ביי די שוואַרצע קוילן, מיין טאָג-אַרבעט צו טאָן. אַ גוטע זאַך גאָט, אַ גוטע זאַך! עס ראַטעוועט דיך פֿון אַלע צרות אַרויס. אפשר דאָס רייכע פֿאָלק — די נאַטשאַלסטוואָ, און נאָך אַנדערע אַזעלכע, דאַרפֿן נישט גאָט, איינער פֿון אונזערע אָבער וואָלט אָן גאָט גאָרנישט געקענט אויסקומען. פֿון דערווייטנס הערט זיך הוי-האַ-הוי, מען טרייבט בהמות

אַנטאָן

אָט קומט סלושאַ מיט די מולן, וועלן מיר אַלצדינג אויסגעפֿינען.



סלושאַ

באַווייזט זיך

נו, ברודער, פֿאַרטיג קוילן אָנצולאָדן?

אַנטאָן

אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געקענט טאָן. די עגבערס ווילן נישט אין די קוילן אַריין. דריי עגבערס שוין צעבראָכן.

סלושאַ

נישט קיין גוטער סימן. מיט נאָכדענקען

אַנטאָן

וואָס מיינסטו מיט דעם?

סלושאַ

זאָגן די אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן אין די ווייטערדיגע שאַכטעס, אַז זיי האָבן פֿון פֿרימאָרגן אָן געהערט גאַזן קומען. זיי האָבן שוין צוויימאָל געשיקט אַרויף אין דער קאַנצעלאַריע אָנזאָגן. דער אינזשעניער איז געקומען און געזאָגט, אַז עס דאַכט זיך זיי נאָר אויס, און געהייסן ווייטער אַרבעטן. איך האָב מורא, אַז די שוואַצע קעניגין זאָל זיך היינט נישט צושפּילן.

אַנטאָן

שוואַרצע קעניגין זאָגסטו, וועמען מיינסטו דאָס דערמיט?

סלושאַ

האָסט קיינמאָל נישט געהערט פֿון די שוואַרצע קעניגינס, וואָס וואוינען אין די אויסגעליידיגטע שאַכטעס?

אַנטאָן

יאָ, אַמאָל דאַכט זיך מיר, אַז איך קוק אין די קוילן, זע איך שוואַרצע פּרויען, באַצירט איינגאַנצן אין די דימענטן און יוּוועלן, בלישטשען אַזוי, אַז עס פֿאַרבלענדט די אויגן.

סלושאַ

אָט דאָס טאַקע זענען זיי, די קעניגינס פֿון די קוילן; זיי זענען בייז, וואָס מען שטערט זיי פֿון זייער רו און מען באַרויבט זיי פֿון זייער קעניגרייך.

פּאָטער סעוועריִן

איר דערמאָנט בעסער זייער נאָמען נישט.

אַנטאָן

וואָס, זיי קענען מזיקן?

סלושא

און ווי נאָך! זיי קענען דיך אַזוי פאַרפירן אין די קוילן-קאָרידאָרן, אַז דו זאָלסט מער קיינמאָל נישט זיך אַרויסקריגן, אַזוי ווי זיי האָבן צו יאַנס שאַכט געטאָן.

אַנטאָן

ווּעמען, דעם בלינדן יאַן, וואָס וויל קיינמאָל נישט אַרויסגיין פון שאַכט אַרויס?

סלושא

אָט דעם. זאָגט אין דערשטיל פון יענער צייט אָן, זינט ער איז אַזוי איינער נאָכגעגאַנגען, קען ער מער די שיין נישט זען. מען זאָגט, אַז ער האָט זיי, די שוואַרצע קעניגינס, געשוואוירן, אַז ער וועט קיינמאָל מער די זון נישט אָנקוקן.

אַנטאָן

ווער זענען זיי דאָס אַזעלכע, טאַוולאָנים, צו וואָס?

סלושא

ווער קען עס וויסן. אַלטע לייט זאָגן, אַז זיי זענען דער זונס טעכטער, וואָס זענען פון גאָט פאַרשאָלטן געוואָרן און אין קוילן פאַרוואַנדלט געוואָרן.

אַנטאָן

דער זונס טעכטער, זאָגסטו? וואָס הייסט דער זונס טעכטע?

סלושא

און, וואָס מיינסטו, אַז אַ קויל איז אַ פּראָסטער שטיין? ניין, ברודער, דאָס איז אַמאָל אַליין אַ זון געווען, די ערשטע זון. און ווען מענטשן האָבן זי דערזען, איז זי אַזוי שיין געווען, אַז מענטשן האָבן זי פאַר גאָט גענומען, און צו איר געבעטן. אַז זי האָט געזען, אַז דער מענטש בעט צו איר, האָט זי זיך איבערגענומען און געגן גאָט ווידער-געשפּעניגט—מענטשן פאַרפירט, זיי צו זינד אָנגערעדט. אַזוי האָט זי גאָט גענומען אין אַ גרויסער גרוב און די ערד אויסגעגראָבן און אין דער ערד איינגעקנאָטן. „דו, וואָס דו האָסט זיך אַזוי גרויס געהאַלטן אין די הימלען – אונטער דער ערד זיי". איצט



ציען מענטשן פון איר אַ נוצן, ברעכן זי אין שטיקער און הייצן דערמיט די אויוונס איין, אַז זי זאָל זיי וואַרעם האַלטן.

אַנטאָן

און ווער זענען די שוואַרצע קעניגינס?

סלושא

דאָס זענען דער זונס טעכטער, וואָס זענען מיט איר צוזאַמען אין שטיין פאַרוואַנדלט געוואָרן. זיי וואוינען אין האַרצן פון דער קויל, האָבן דאָרט זייערע פאַרבאָרגענע נעצן. אַזוי לאַנג ווי דו ברעכסט שטיקער קוילן-שטיין, איז גאָרנישט. אַזוי ווי די שטראַלן פון דער זון וואָלסטו געבראָכן. נאָר טיילמאָל דער-גרייכסטו צו זייערע פּאַלאַצן, צו זייערע נעצן, וואָס זיי האָבן אין דער קויל, — אָ, ווערט די קויל אַזוי האַרט, ווי שטיין. זיי לאָזן דעם עגבער נישט אַריין, — ווי דיינער דאָ, אַז זי לאָזט, ברודער, נישט עגבערן, טרעט ליבער אָפּ, גראָב אַן אַנדער שאַכט, אַז נישט, וועט נישט גוט זיין.

אַנטאָן

דו האָסט רעכט, דו ווייסט נישט, מיט וועמען דו האָסט צו טאָן. עפּעס האָט זי היינט אַזאַ פלאַם-פייער אין זיך — עפּעס בליצן אַזוי די קוילן-ווענט, — ווי אַ פייער וואָלט געברענט אין זיי. — איך בין דאָך שוין נישט אין דער קוילן-שאַכט פון נעכטן, איך בין צו דער קויל געוואוינט, נאָר אַזוי געזען האָב איך זי נאָך נישט. — ווי טייוולאָנים וואָלטן געטאַנצט אין איר — אַזוי טייוולאָניש בייז איז זי.

סלושא

צו סעווערין מיט געלעכטער

דו ווייסט נישט, וואו דו קענסט מיט דיין עגבער דערגיין...

סעווערין

עגבערט ווייטער

איך ווייס נישט, ווער די קויל איז? נאָר וואָס זי זאָל נישט זיין, — איז עס גאָטס אַ באַשעפעניש, און צו שרעקן זיך איז נישטאָ וואָס. אַז מען האָט דיך אָוועקגעזעצט גראָבן, גראָב,

ברודער. זיי דאָרט זענען קליגער פאַר אונז, זיי ווע‍לן נישט אַוועקזעצן מענטשן דאָרט, וואו עס איז דאָ אַ געפאַר.

סלושא

ביז דו וועסט צו זייער נעץ דערגרייכן – דאַן וועסטו זען, וואָס וועט זיין.

סעווערין

וואָס וועט זיין?

סלושא

זיי וועלן דיר גאַזן אַרויסשיקן און דיר פאַרדרייען אַזוי דעם קאָפּ, אַז דו וועסט נישט וויסן, אויף וואָסער וועלט דו ביסט. מיך לאָזט נישט זיין דערביי. אַ – וויאָ! *ער פאָרט אָפּ מיט די מויל-אייזלען אין דעם פינסטערן קאָרידאָר.*

סעווערין

האָט ער דאָס אַ ביסל צוזאַמענגעפלוידערט, פאַר פייער און וואַסער! גאָט האָט דאָס געגעבן אַ מויל אים צו לויבן – און ער נוצט דאָס אויס פאַר פלוידעריי.

אנטאָן

וואָס מיינסטו, פאָטער סעווערין, אַז עס איז גאָרנישט, וואָס ער האָט געזאָגט? – איך פיל אַזאַ געשמאַק אין מויל און אַ רויך אין דער נאָז. – ספּו.

סעווערין

דאָס וואָס מען האָט דיר געהייסן טאָן – טו! מענטשן זענען דאָ קליגערע פאַר דיר, און זיי וועלן דיר נישט הייסן טאָן אַ זאַך, וואָס קען דיר שאָדן ברענגען. *זיי אַרבעטן אין דער שטיל. א לאַנגע פויזע*

אנטאָן

מיין ענגבער האָט זיך אין עפּעס פאַרטשעפּעט, – איך קען אים נישט אַרויסשלעפּן צוריק.

סעווערין

וואָס איז עס מיט דיר היינט? מיט כּוח וועסטו אים אַרויס-ציען.



אנטאָן

אָט שלעפּ איך דאָך. ווי הונדערט מלאכי-חבלה וואָלטן אים צוריקגעהאַלטן. עס מוז עפּעס דערין זיין. איך האָב מורא.

סעווערין

הער אויף רעדן נאַרישקייטן, שטערסט אַרבעטן. אַ גאַנצן פרי-מאָרגן געבאַלמוטשעט, און דאָ וועט באַלד דער אויפזעער קומען, זען אויב ס'איז געטאָן געוואָרן אַרבעט.

אנטאָן

איך ווייס נישט – איך וועל דעם פלאַץ נישט גראָבן מער. עס דרייט זיך אין מיין קאָפּ און פאַר די אויגן – פּפוי!

סעווערין

האָסט געוויס געטרונקען אויפן ניכטערן מאָגן. דאָס קומט אַלץ פון אַן איבעריגן טרונק.

אנטאָן

איך האָב נישט געטרונקען קיין שנאַפּס. עס שטיקט מיך אין האַלז, – *הויבט זיך אויף*

סעווערין

דאָ האָסטו די פלאַש מיט וואַסער. *ער גיט אים צו טרינקען — אנטאָן טרינקט.*

אנטאָן

אַ דאַנק דיר, פאָטער.

סעווערין

און אַלץ פון די נאַרישע רייד, וואָס סלושא האָט דאָ אָנגערעדט. רייד קענען אַמאָל מער פאַרטשאַדען דעם קאָפּ, ווי אַ רויך, שפּיי אויס און פאַרגעס, נו, בעסער?

אנטאָן

בעסער, נאָר ס'שווינדלט אַלץ אין קאָפּ און ביים האַרצן נאָגט עס – ווי מיט זיסקייטן זיך איבערגעגעסן. איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז. דו פילסט נישט עפּעס נודנע?

סעווערין

און אַז עס טוט וויי אַביסל דער קאָפּ, איז וואָס? צו דער

אַרבעט, וואָס מיר טוען באַדאַרפן מיר נישט קיין קאָפּ, —
נאָר הענט.

**אַנטאָן**

און פאַר די אויגן זעסטו נישט קיין פייערדיגע ליכטלעך, —
ווי זיי וואָלטן געשפּרונגען אַרויף און אַראָפּ?

**סעווערין**

עס שווינדלט אַביסל אין די אויגן, אָבער דאָס וועט אַודאי
באַלד איבערגיין.

**אַנטאָן**

וואָס קען דאָס זיין? *פון הינטער דער וואַנט, וואו זיי גראָבן די קוילן, הערט זיך אַ באַוועגונג. פויזע. זיי קוקן זיך ביידע אָן* האָסט געהערט. וואָס קען
דאָס זיין?

**סעווערין**

וואָס געהערט — גאָרנישט געהערט, ס'האָט זיך דיר נאָר אויס-
געדאַכט אַזוי.

**אַנטאָן**

קום אַוועק פון דאַנען, קום געשווינד.

**סעווערין**

נאָך נישט די צייט געקומען, דער גלאָק קלינגט נישט.

**אַנטאָן**

זעסט דאָך, אַז דאָס אָרט איז אין געפאַר. ווילסטו בלייבן? —
בלייב, איך בלייב דאָ נישט קיין מינוט.

**סעווערין**

מען האָט מיך אַריינגעזעצט דאָ קוילן צו גראָבן — באַדאַרף
מען זיצן.

*אַנטאָן גייט אַוועק, שאָקלענדיג זיך אויף די פיס, פאָטער סעווערין גראָבט ווייטער מיט זיין עגבער*

**אַנטאָנס קול**

פאָטער סעווערין — קום אַוועק, זאָג איך דיר! וועסט נישט
גיין, אַלטער, — שלעפּ איך דיך מיט געוואַלד. זעסט דאָך,
וואָס עס איז!



*ער כאַפּט דעם אַלטן אויף די פּלייצעס און גייט. שטעלט זיך באַלד אָפּ — און הערט זיך איין. פון דערווייטנס הערט זיך אַ רעש — ווי אַ טייך וואָלט אָנגעקומען. פאַרשטיקטע שטימען רופן. —*

אַלטער, דו הערסט?

**סעווערין**

און אַז איך הער, איז וואָס?

**אַנטאָן**

וואָס קען דאָס זיין?

**סעווערין**

*צלמט זיך אין דער שטיל*

**אַנטאָן**

וואָס צלמסטו זיך? — קום!

**סעווערין**

וואו וועל איך גיין? — מען קומט צו אונז. *ער שטייט און צלמט זיך ווידער, די שטימען רופן שוין נענטער*

**אַנטאָן**

*שרייט*

ווער איז דאָרט! ענטפערט — וואָס איז געשען? וואָס איז
געשען?

*די שטימען*

**איינער**

דאָ אַרום, דאָ אַרום — מענטשן זענען דאָ!

**צווייטער**

ווער איז דאָרט, ווער?

**אַנטאָן**

*רופט הויך*

דאָס איז שאַכט נומער דריי.

**שטימען**

*ענטפערן אָפּ איינער דעם צווייטן*

שאַכט נומער דריי. שאַכט נומער דריי.

**אַנטאָן**

שרייט

**וואָס איז געשען? וואָס איז געשען – זאָגט.** מען ענטפערט נישט. איינצלנע אַרבעטער מיט לעמפּלעך אויף די היט קומען אָן צו לויפן, לויפן ווייטער — ווי פאַרסמטע מייז — קלאַפּן אָן אויף אַנטאָנען מיטן אלטן. אַנטאָן שטעלט זיך אָפּ **וואוּהין? וואוּאַהין?** זיי ענטפערן נישט, לויפן ווייטער **זאָגט, וואָס איז געשען? געדענקט אָן גאָט!**

וואָס אַמאָל קומען מער אַרבעטער אָן צו לויפן, מיט די פלאַמען אויף די היטלאַך — וואָס דאָ צינדן זיי זיך אָן, דאָ לעשן זיי זיך אויס — אויסגעשרייען אין פאַרשידענע שפּראַכן — גאָט! גאָט, העלף!

**אַנטאָן**

מיט סעווערין, וועלכער פאַלט פון די הענט, שרייט שוין הויך

**וואָס איז געשען? – וואָס?**

**פאַרבייַלויפנדע שטימען**

**ליכטער אויסלעשן. ליכטער אויסלעשן, – גאַזן קומען.** טייל ליכטער לעשן זיך אויס — אַנדערע ברענען נאָך

**אַנדערע שטימען**

**גאַזן קומען – גאַזן קומען.**

**אַנדערע**

**דאָ דער וועג – נאָך מיר! נאָך מיר!**

**אַנדערע**

האַלטן זיך איין

**וואוּהין? וואוּאַהין? –**

**אַ שטימע**

הויך

**מיר זענען פאַרמאַכט – עס איז שאַכט נומער דריי. –**

**אַ שטימע**

**דאָ אַ קאָרידאָר – נאָך מיר! נאָך מיר!**

**אַ שטימע**

**וואוּאַהין, – פאַרשאָלטענער? עס איז דאָך שאַכט נומער דריי – דו זעסט די וואַנט, צי נישט?** קומען אָן צו אַ וואַנט



**אַ שטימע**

**יאָ, קאַמעראַדן, מיר זענען פאַרמאַכט.**

**שטימען**

רופן

**פאַרמאַכט, פאַרמאַכט, פאַרמאַכט.**

טריט האַלטן זיך איין. דער חלל פאַקט זיך אָן וואָס אַמאָל מער מיט אַנטלויפנדע מענטשן פון אַלע זייטן

**אַ שטימע**

רופט וואָרנד

**די ליכטער אויסלעשן, האָב איך געזאָגט. – די ליכטער. – די גאַזן וועלן זיך אָנצינדן, – איר פאַרשטייט, צו ניין.**

אַלע ליכטער לעשן זיך אויס. — עס ווערט פינסטער

**אַ יונגע שטימע**

אין פאַרוואונדערונג

**וואָס, וואָס, מיר זענען שוין טאַקע פאַרשיט – ענטפערט, מיר זענען טאַקע שוין פאַרשיט?**

**אַ שטימע**

**שאַכט נומער פיר האָט צוזאַמענגעשיט.**

**אַנדערע**

**שאַכט נומער פיר האָט צוזאַמענגעשיט.**

**אַ שטימע**

**פאַרשיט, פאַרשאָטענע, – פשוט פאַרשאָטענע. – איר פאַרשטייט, פאַרשאָטענע?**

**אַנדערע שטימע**

מאַכט איר נאָך

**יאָ, פשוט פאַרשאָלטענע. וואָס האָסטו געוואָלט, אַז מיר זאָלן זיין געזאַלצענע?** געלעכטער

**אַ שטימע**

**געפונען אַ צייט צו לאַכן.**

**אַ שטימע**

בעטנדיג זיך

**זאָגט, מענטשן, וואו זענען מיר? – וואו געפינען מיר זיך?**

שטימען

ענטפערן אַפּ

שאַכט נומער דריי – ווייסט נישט, צו וואָס?

אַנטאָן

שרייט הויך

טרעט נישט אויף קיין מענטשן!

אַ שטימע

ווער זעט דיך, פּאַרשאָלטענער?

אַנטאָן

האָט ווער וואַסער... דעם אַלטער סעוועריין פאַלט פון די הענט!

שטימען

דער אַלטער סעווערין!

צווייטע שטימע

ניין, עס איז דער פאַרשאָלטענער יאַפּאָנטשיק, דו דערקענסט אים נישט – אַ שאָד אַ גוטן שלוק וואַסער.

אַן אַנדערער

וואָס איז דער חילוק – אַ מענטש.

נאָך איינער

און איך זאָג, שאַנעוועט, חברים, וואַסער.

פון אַן אַנדער ווינקל

ער האָט שוין איינמאָל רעכט.

אַנטאָן

בעטנדיק זיך

גיט, חברים, אַ שלוק וואַסער אַ מענטשן ראַטעווען – דער אַלטער סעווערין פאַלט פון די הענט.

ווער קריגט זיך מיט ווער...

אַנדערע

שטילט אייך איין. עס ווערט דאָך אַ ריכטיקער גהינום.

אַנטאָנס שטימע

ער זאָגט יאַפּאָנטשיק – און איך זאָג דער אַלטער סעווערין – איך האַלט דאָך אים ביי זיין באָרד. זיין האַרץ קלאַפּט נאָך. חברים, דערלאַנגט די פלאַש – ראַטעוועט אַ קריסטלעכע נשמה



זייצעווס שטימע

פון דער מענגע

חברים! איר הערט – צו ניין? – ווער האָט אַ פלאַש? אַ...

אַנטאָנען וואו ביסטו?

אַנטאָן

זייצעוו – אָט דאָ, אָט דאָ.

זייצעוו

ווער האָט וואַסער?

אַ שטימע

וואָס מיינסטו, איך ווייס נישט, וואָס וואַסער הייסט אין אַזאַ צייט.

אַ צווייטער

וואָס רייסטו, וואָס רייסטו? – מענטשן, ער בייסט מיר אַ פינגער אָפּ

ווער שרייט

אַ שטימע

רופט

שטילט אייך איין – מערדער וואָס איר זענט!

אַ שטימע

הונט – עס איז דער פאַרשאָלטענער רומענער – איך האַלט אים ביי די קודלעס. – ער האָט געריסן פון מיר די פלאַש.

געשלעג, אַלגעמיין אויפגערייזן

זייצעווס שטימע

העכער פון אַלע

איר היניטשע זין, איר וועט זיך איינשטילן – צו ניין? ער...

צינדט אָן אַ ליכט

מענטשן

שרייען

וואָס טוסטו דאָ?

זייצעוו

גלייכער פאַרברענט צו ווערן, איידער צו זיין מיט אייך. ווייניק וואָס מיר אַלע געפינען זיך אין לאָך, ווילט איר אַ גהינום מאַכן דערפון. – מיר מוזן זיך דאָך ראַטעווען, אָדער ניין.

א שטימע

פרעגט

ווער רעדט?

א שטימע

ענטפערט

זייצעוו, דאָס איז זייצעוו.

זייצעוו

יאָ, עס איז זייצעוו. — מיט די שטיוול וועל איך האַקן אי-
בער די קעפּ. וואָס פאַראַ טייוול איז אַריין אין אייך? מיו
וועלן דאָך אַזוי אַרום אַלע אונטערגיין, איידער די ערשטע
הילף וועט נאָך קומען. — שטילט אייך איין, הינטישע זין!

שטימען

רופן

ער האָט דאָך רעכט! ער האָט דאָך רעכט!

אַנדערע

גיט אַן עצה, וואָס צו טאָן? —

זייצעוו

וואָס צו טאָן — ווי די מייז וועט איר אויסגעגרן אין דער
גרוב — ווי די פאַרסמטע קעץ. מיר מוזן זיך זען אַרויסצו-
ראַטעווען, יאָ, אָדער ניין — און איר וואָס טוט? שטילט אייך
איין, האָב איך געזאָגט — אָדער איך שלאָג איבער די קעפּ.
איר הינטישע זין!

מען הערט, ווי ער שלאָגט מיט די הענט און פיס

שטימען

ער האָט דאָך רעכט. זייצעוו האָט דאָך רעכט.—שטילט אייך איין.

אַנדערע

נאָך זיי

שטילט אייך איין, שטילט אייך איין.

דער עולם הויבט זיך אָן איינציגווייז איינצושטילן

שטימען

זייצעוו רעדט.



זייצעוו

די ערשטע זאַך — שטיל צו זיין — אינאיינעם האָט מען אונז
דאָ צוזאַמענגעטריבן אין דער גרוב — אָדער מיר וועלן זיך
אַלע ראַטעווען, אָדער מיר וועלן אַלע צוזאַמען אונטערגיין —
האָב איך רעכט, צו ניין? און איר וואָס טוט. — ווי די פאַר-
שאָלטענע הינט רייסט איר זיך ביי די קעפּ — איז דאָס דער
וועג פון ראַטעווען זיך? אַזוי אַרום וועלן מיר דאָך צופוילט
ווערן לעבעדיגערהייט — מיר וועלן זיך צופליישן, איידער די
גאַזן וועלן אונז אָפּפרעגלען. — די ערשטע זאַך — האַלטן זיך
אינאיינעם. אַלע געפינען מיר זיך אין איין לאָך. — אָדער
צוזאַמען זיך ראַטעווען פון טויט, אָדער אַלע אינאיינעם אונ-
טערגיין. האָב איך רעכט, צו ניין?

שטימען

רופן

זייצעוו רעכט, רעכט!

אַנדערע

רעדט, ברודער זייצעוו, רעדט!

זייצעוו

מיר מוזן אויסהאַלטן, ביז הילף קומט. — זיי ווייסן שוין דאָרט
אויבן — און זוכן אונז צו ראַטעווען. זיי ווייסן נישט, וואו
מיר זענען, — מיר מוזן זיי צו וויסן געבן, וואו מיר געפינען
זיך. מיר מוזן אַרויסשיקן וואָלאָנטערן - אויסצוזוכן די וועגן,
די קאָרידאָרן, אפשר איז נאָך דאָ אַן עפענונג צו שאַכט נו-
מער פינף. — מיר מוזן אויסקומען מיטן ברויט און וואַסער,
וואָס מיר האָבן, העלפן איינער דעם אַנדערן — צו דערהאַלטן
ביז הילף וועט קומען, — נישט רייסן זיך ביי די קעפּ, ווי
די קינדער.

א שטימע

זייצעוו, מען באַדאַרף מאַכן אַ געזעץ, ס'גאַנצע ברויט און וואַ-
סער אונטער איין האַנט.

צווייטע שטימע

און איך זאָג — יעדער פאַר זיך, יעדער ווער עס קען.

**שטימען**

*שטילן אים איין*

שווייג, דו פֿאַרשאָלטענער הונט!

**אַנדערע**

ווער דאָרט? גיט אים איבערן קאָפּ.

**אַ דריטער**

עס איז דער רומענער. איך דערקען אים לויט דער שטים.

**זייצעוו**

שטילט אים איין.

**אַנטאָנס שטימע**

זייצעוו, אַן עלטסטן דאַרף מען מאַכן, אָן אַ עלטסטן וועסטו גאָרנישט טאָן — אַן עלטסטן.

**שטימען**

*באָך אים*

דאָס איז גערעדט, אַן עלטסטן. — לאָמיר מאַכן זייצעווען פֿאַר אַן עלטסטן.

**אַנדערע**

יאָ, יאָ, זייצעוון פֿאַר אַן עלטסטן.

**זייצעוו**

ווילט איר מיך פֿאַר אַן עלטסטן — מוזט איר הערן, וואָס איך וועל אייך זאָגן. אַז נישט, וועל איך געבן איבערן קאָפּ — אַלע פֿאַר איינעם, איינער פֿאַר אַלע — מיר זענען אין איין לאָך.

**שטימען**

דאָס איז רעכט!

**שטימען**

ס'גאַנצע וואַסער אונטער איין האַנט. ס'גאַנצע וואַסער, ס'גאַנצע ב־ויט.

**זייצעוו**

האַלטן, ווער עס האָט, נאָר העלפֿן איינער דעם אַנדערן — ביז הילף וועט קומען. — געדענקט, וואָס איך זאָג אייך! אָדער מיר וועלן זיך אַלע צוזאַמען ראַטעווען, אָדער אונטער-



גיין — ווי די מייז. דאָ באַדאַרף מען האַלטן איינער פֿאַרן אַנדערן, ווי קאַמעראַדן, ווי פֿריינט... אינאיינעם געלעבט. אינ-איינעם געשטאָרבן. האָב איך, ברידער, רעכט, צו ניין?

**שטימען**

*באַגייסטערט*

רעכט, ברודער זייצעוו, רעכט!

**אַ שטימע**

זייצעוו, איך האָב אַ ברויט.

**אַנדערע**

זייצעוו — דאָ מיין פֿלאַש.

**זייצעוו**

האַלט, האָב איך געזאָגט. טיילט אייך מיט אייער קאַמעראַד — אין דער פֿינסטער קענסטו גאָרנישט מאַכן — ווייסט נישט, וואָס און וועמען. מען מוז זיך פֿאַרלאָזן אויפֿן קאַמעראַד. מיר ווייסן נישט — ווי לאַנג מיר וועלן דאָ מוזן זיין — האַלט אייך אינאיינעם — דאָס איז דער איינציגער וועג. און איצט, חברים, פֿריינט, — ווער וויל זיך לאָזן אינדערפֿינסטער — רעכנ'ס צו שאַכט נומער צוויי — זען, אויב עס איז נאָך דאָ פֿאַרבינדונג מיטן דרויסן — אפֿשר זענען דאָ פֿריינט, — אפֿשר רייסט מען זיך צו זיי פֿריער אַריין, — אפֿשר אַרבעטן דאָרטן די ווענטיליאַציעס נאָך. — זעט, ווער וויל זיך לאָזן דאָרט — אויף אַלע פֿיר — געדענקט, איר מוזט מיט פֿייער פֿאָרזיכטיג זיין — די גאַזן קריכן פֿון די קוילן, ווי די שלעכטע גייסטער — טאַפּט דעם וועג אין דער פֿינסטער.

*קיינער רופֿט זיך נישט אָן*

וואָס, קיינער, קיינער רופֿט זיך נישט אָן? אָ, איר פֿאַרשאָלטענע, וואָס איר זענט!

**שוואַכע שטימע**

איך.

**זייצעוו**

ווער איז עס? רעדט הויך!

שוואַכע שטימע

איך, סלושאַ.

זייצעוו

סלושא! יאָ?

סלושא

יאָ, זייצעוו.

זייצעוו

קענסט דעם וועג?

סלושא

ווי אַ בלינדער מויל קריך איך דאָרט צען מאָל אַ טאָג, צוואַנציג מאָל אַ טאָג. שוין, פעטערל, שוין דערטאַפּן דעם וועג! וואָס די אויגן וועלן נישט דערזען – וועט שוין די נאָז דערשמעקן.

זייצעוו

גוט, סלושא, גוט, סלושא. – זעט, חברים, קיינער זיך נישט אָנגערופן, נאָר סלושא – אין גאָטס נאָמען גיי, און ברענג הילף פאַר אונז, פאַרשאָלטענע.

סלושא

איך קען דעם וועג גוט... טרייב דאָרט מויל-אייזלען...

יאַפּאַנעזער

כי, כי, כי, מויל-אייזלען, שאַכט פינף. שיקט מיך!

זייצעוו

גוט, יאַפּאָנטשיק, גוט, גוט. נעם אַ פלעשל וואַסער. און דו, פאַרשאָלטענער, האָסט געזאָגט: אַ שאָד אַ שלוק וואַסער פאַר אַ יאַפּאַנישע נשמה, – שעמסטו זיך נישט, דו הינטישער זון? און גראָד דער יאַפּאָנטשיק וועט אונז ראַטעווען. גיי, ברודער יאַפּאָנטשיק, אין גאָטס נאָמען! דו האָסט אַ לעבל ברויט, אַ פלאַש וואַסער – און ברענג אונז הילף – אונז, פון גאָט פאַרשאָלטענע.

דער קריכט אָפּ

שטימען

הערן זיך שוין פון אומעטום

פעטערל זייצעוו, שיק מיך!



פעטערל זייצעוו, איך ווייס דעם וועג רעכטס!

איך ווייס דעם וועג לינקס – בין דאָרט יעדן טאָג!

אַנדערע

זייצעוו! זייצעוו!

זייצעוו

גיב נאָר אַ קוק, ווי זיי האָבן זיך צולאָזט. האַלט איין דעם אַפּעטיט – מען וועט אייך נאָך באַדאַרפן. די צרות, ברידערלעך, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן. און איצט, חברים, אַלע מיט אַמאָל! לאָמיר זיי באַגלייטן מיט אַ געשריי – דערזען קענען זיי אונז נישט פון דרויסן – וועלן זיי אפשר דערהערן.

אַלע

לאָזן ארויס מיט אַמאָל אַ ווילד קוילן-ליד

ראָך-ראָך, ראַן.
די קויל איז שוואַרץ און האַרט,
ראָך, ראָך, ראַן.

פאַרהאַנג פאַלט און הויבט זיך

אין אַ פּאָר טעג אַרום

אַ פעלד פון מינסטערניש. נאַכט און קיל. נאָר איבער די קוילן-פעלדער הויבן זיך אויף שוועבנדיגע חאַלקנדלעך, וועלכע גלאַנצן און פאַרשווינדן, דאָ און דאָרט פינקלט אַרויס אַ בריליאַנט-קויל פון ערגעץ-וואו, ערשיינט און פאַרשווינדט. ווי פון אַ חלומדיגן חאָלקן זעט מען, ווי קאָנטורן פון מענטשן ליגן זיך, ווי געדיכטע שאָטנס, — ליגן איינס אויף אַנדערע, שוואַכע, שלאָפנדע, צי געשטאָרבענע?

**אַ שטימע**

ווער דאָרט? האַ?

**צווייטער**

שווייגט שטיל, — שטאַרבן לאָזן זיי נישט.

**ערשטער**

שטאַרבן, שטאַרבן — וועסט שטאַרבן אַפילו אין גערודער.

**אַן אַנדערער**

אָט אַזוי, שרייט כאָטש — גיט וויסן, אַז מיר לעבן נאָך, אַז נישט וועט מען דאָך טאַקע מיינען, אַז מיר זענען שוין אַלע אויסגעכאַליעט, ווי די לייז.

**איינער**

וואָלט כאָטש אַ גלח געווען!

**צווייטער**

מיט שפּאָט

עס פעלט דיר וויירויך אפנים, איך האָב עס געגנוג.

**ערשטער**

כאָטש אין דער לעצטער מינוט לאָז קומען צו זיך — כאָטש מיטן געדאַנק אָנצוהעפטן זיך אָן גאָט. אַז נישט, ווי די צייגיינער טאַקע, דאָרט, ווי עפּעס מייז, וואָס דער היצעל האָט געכאַפּט אין פּעטלע אַריין.



**אַנטאָן**

נאָך וואָס, נאָך ווען — זאָלן געדענקען אָן אים די, צו וועלכע ער איז גוט געווען — דאָרט אין דרויסן. — אונזער איינער סיי-ווי-סיי צי גאָט צי טייוול — איין שוואַרץ יאָר.

**ערשטער**

זינדיג נישט, פאַרשאָלטענע נשמה. דו ביסט שוין סיי-ווי-סי פאַרשאָלטן.

**אַנטאָן**

און איך זאָג, אַז איך האָב שוין גאָר נישט קיין מורא, סיי פאַר גאָט און סיי פאַר לייט. ווער עס זאָל דאָרט זיין און וואָס עס זאָל דאָרט זיין — איז מיר שוין אַלץ איינס. — סיי-ווי-סיי.

**ערשטער**

זינדיג נישט, זאָג איך, — אפשר אויבן איז יאָ דאָ גערעכטיקייט.

**צווייטער**

איין שוואַרץ יאָר. פאַר דעם אָרימאַן איז קיין גערעכטיקייט נישטאָ.

**דריטער**

געפונען אַ צייט, ווען וואָס צו שפּאַרן זיך. איר האָט שוין נישט וואָס בעסערס צו טאָן?

**צווייטער**

וואָס איז דער חילוק? — אַבי די ציינער אין די מיילער צו באַוועגן, אַז נישט וועלן זיי כאָטש צוגעוואַקסן ווערן — אַז עס איז נישטאָ וואָס אַנדערש צו טאָן.

**אַנטאָנס שטימע**

און איך זאָג, אַז בחנם האָבן מיר זיך דאָ אַריינגעשטופּט אין דער פאַרשאָלטענער לאָך אַריין — צו ליגן און צו וואַרטן אויפן טויט. מיר וואָלטן באַדאַרפט גיין. קריכן אַרום — אין אַנדערע שאַכטעס אַריין. — יעדער איינער אין אַן אַנדער לאָך אַריין — זוכן, טאַפּן מיט די פינגער, שרייען, רופן, אפשר קו-

מען זיי אָן פון אַן אַנדער זייט, — אפשר זוכן זיי אונז דורך אַן אַנדער עפענונג.

**דריטער**

אַז דו האָסט כוחות, גיי, קריך, זוך — איך האָב נישט מער קיין כוחות צו זשיפּען. אַז עס זאָל נאָר קומען וואָס גיכער הילף!

**אַנטאָן**

עלף איינס, זאָל זיין דער טויט.

אין אַנדער גרופּע

**ערשטער**

וואָס קען איצט זיין אין דרויסנדיגער וועלט — טאָג צי נאַכט?

**צווייטער**

ווער קען דיר וויסן? — איך האָב דאָך נישט געציילט.

**ערשטער**

ווי לאַנג אייגנטלעך ליגן מיר שוין דאָ אַזוי?

**צווייטער**

וואָס איז דיר דער חילוק — באַדאַרפסט דען ערגעץ וואו גיין?

**ערשטער**

קומט דאָך טאַקע שוין עפּעס פאַר — ווי מיר וואָלטן דאָ באַגראָבן געוואָרן לעבעדיגערהייט.

**אַ יונגע שטימע**

עס איז מיר גאָר נישט קיין שאָד, נאָר דער אַנצוג, וואָס איך האָב מיר געקויפט, — ערשט אייערנעכטן אין געוועלב געקויפט. איך האָב אים נאָר געטראָגן איין מאָל.

**אַ צווייטער**

לאַכט

האָב נישט קיין מורא, עס וועט זיך שוין געפינען אַ בעלן, וואָס וועט אים אויסטראָגן פאַר דיר.

**יונגע שטימע**

איינמאָל נאָר האָב איך אים אָנגעטאָן — איך האָב אים געקויפט, אום אַ פאָטאָגראַפיע צו נעמען — צו די אייגענע אַהיים



צו שיקן — קיין צייט אפילו נישט געווען די פאָטאָגראַפיע צו נעמען. וואָלט איך זיך כאָטש געווען אין אים אַראָפּגענומען — וואָלט איך שוין גאָרנישט געווען געזאָגט.

**אַ צווייטער**

ווער עס האָט אַזאַ זאָרג און ווער אַן אַנדערע. און אַז איך האָב אין דרויסן אַ ווייב מיט צוויי קינדער — אַ פּאָר טעג קוים דאָס יינגסטע, איך האָב עס אייגנטלעך נישט ריכטיג אָנגעזען

**דריטער**

פאַר דעם זאָלסטו זיך נישט זאָרגן. ווען עס וועט עפּעס זיין — וועט דער קאַנטאָר מוזן צאָלן — אַזאַ געזעץ דאָ אין לאַנד. זיי אין דרויסן וועלן שוין זיין פאַרזאָרגט. דער מיט אַ פּענסיע, אַן אַנדערער אויף אַן אַנדערן וועג — אויף וועמען עס איז אַ ביטערער רחמנות, איז אויף דיר אַליין, אויף דיין אייגן פלייש. אויסגעוועבדזלט וועסטו ווערן, ווי אַ הערינג, פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק שוואַרצע קויל.

**אַנטאָן**

אין גרויס אויפרעגונג

און פאַרוואָס שווייגט מען, פאַרוואָס טוט מען גאָרנישט? האָט אונז אַריינגעשטופּט אונזער פירער אין אַ לאָך אַריין, און הייסט אונז זיצן און וואַרטן. ווי לאַנג וועלן מיר וואַרטן? — ביז אונזערע לונגען וועלן אויפגעפרעסן ווערן פון די גאַזן. איך פיל מיין אייגענע קעל שוין נישט — פאַרשטאָפּט איז זי פון קויל. — און מיינע קישקעס זענען שוין פאַרשטיינערט.

**צווייטער**

אין מוח דרייט זיך מיר, — ווי איך וואָלט שיכור געווען. איך זע פאַר די אויגן פייערדיגע רינגען — ווי איך וואָלט אין אַ פייערדיגן אויוון געזעסן.

**אַנטאָן**

דאָס וואָס איך זאָג: כל-זמן עס איז נאָך צייט — און אונזערע חושים זענען נאָך וואַך — לאָמיר עפּעס טאָן, לאָמיר גיין זוכן. די העק נעמען אין האַנט — לאָמיר די עגבערס פרווון

לאָזן אין באַוועגונג — מיט דינאַמיט אַרויסזעצן די וואַנט, — כאָטש אינאיינעם אַרויסגעזעצט צו ווערן — אפשר וועט אונז עמיצער דערהערן. אַז מיר וועלן זיך נישט ראַטעווען, וועט אונז קיינער נישט ראַטעווען.

**אַ פּערטער**

ער האָט דאָך שלוחים צושיקט איבער די שאַכטעס. סלושא איז באַלד צוריקגעקומען — נאָר דער יאַפּאָנטשיק נישטאָ ביז היינטיגן טאָג.

**אַ גראָבע שטימע**

דאָס איז רעכט, רעכט, קאַמעראַדן. כל-זמן מיר האָבן נאָך קראַפט, מיר זענען נאָך ביי די הענט, ביי די חושים.

**צווייטער**

ווער רעדט? ווער!

**אַנטאָנס שטימע**

דאָס בין איך, אַנטאָן, דער רוס. — איך זאָג אייך — בחינם אונזער זיצן. כל-זמן מיר האָבן נאָך קראַפט אין די הענט — לאָמיר עפּעס טאָן.

**אַנדערע שטימען**

טאָן, טאָן, טאָן.

**נאָך אַנדערע**

רעכט, רעכט, רעכט.

**אַנטאָן**

וואָס פאַר אַן עלטסטער איז דאָס איבער אונז — וואָס הייסט ער אונז זיצן ווי די ווייבער, — ווי די נאַסע הינער, וואָס דער רעגן האָט געכאַפּט? זענען מיר דען נישט קיין מאַנספּאַרשוינען? — מענער, ראַטעוועט זיך, ווער עס קען. — איך, אַנטאָן, דער רוס, זאָג אייך. אַז אַנישט, וועט איר אַלע פאַרוועדזלט ווערן דאָ, ווי די הערינג. ווי די מייז, וואָס מען גיסט אָפּ מיט זודיג וואַסער. — יעדער איינער, ווער עס קען, זאָל נעמען זיין לעבן אין זיינע הענט אַריין. כל זמן מיר זענען נאָך נישט איינגעשלאָפן — כל זמן די גאַנץ האָבן אונז נאָך נישט גובר געווען.



**שטימען**

רעכט, רעכט, רעכט.

**אַנדערע**

טאָן, טאָן, טאָן.

**אַנדערע**

מיר וועלן נישט זיצן, ווי די מייז!

אַלגעמיינע באַוועגונג. אַ כאַפּן, אַ רייסן, אַ געשריי. ווייצעוס שטימע העכער פון אַלעמען

**זייצעוו**

הינט, הינט, הינט — זאָג איך אייך. — הינט, איר וועט שווייגן צו ניין?

**אַ שטימע**

דער עלטסטער רעדט — שווייגט.

**אַנטאָן**

וואָס פאַר אַן עלטסטער איז ער מיר — זאָל ער אונז אַרויספירן פון לאָך, וועט ער איבער אונז אַן עלטסטער זיין.

**אַנדערע**

וואַסער זאָל ער געבן, וואָס האָט ער דאָס וואַסער צוגענומען?

**אַן אַנדערער**

אָנצוזויפן זיך — ער מיט די, וואָס זענען דאָרטן נעבן אים. דאָס וואַסער אַהער!

**זייצעווס שטימע**

העכער פון אַלעמען

הינט, הינט, הינט — זאָג איך. איר וועט שווייגן, צו ניין!

**שטימען**

וואַסער, וואַסער, וואַסער.

מען שלאָגט זיך, געשרייען

**איין שטימע**

וואָס זוכסטו ביי מיר וואַסער — איך האָב נישט.

**צווייטע שטימע**

געוואַלד, יעזוס, מאַריאַ!

**זייצעווס שטימע**

*דאָס אַמאָל העכער*

הינט, הינט, הינט, ווילדע הינט, זאָג איך — איר וועט זיך איינשטילן, צו ניין? *קיינער הערט אים נישט. — נאָך העכער* איר ווילט זיך ראַטעווען, צו ניין, פרעג איך אייך. — שטיל, שטיל, שטיל!

*געשריי, באַוועגונג, געשלעגעריי*

**זייצעווס שטימע**

*הייזעריג*

חברים, קאַמעראַדן, אַרבעטער — הילף קומט אָן, — הילף, הילף! *זיינע ווערטער הירקן, ווי כשוף. דער עולם שטילט זיך איין*

**שטימען**

שווייגט, שווייגט שטיל, לאָזט הערן.

**זייצעוו**

פירן זיך אַזוי אַרבעטער אויף? — אַזוי פירן זיך ווילדע קעץ, וואָס מען האָט צונויפֿגעטריבן אין אַ קופּע — רייסן איינער פון אַנדערן דאָס שטיקל ברויט? — קאַמעראַדן, שטאַרבן צוזאַמען, ווי ברידער, ווען עס באַדאַרף אַזוי זיין. — האָב איך רעכט, צו נישט? *דער עולם שטילט זיך אַלץ מער איין* מיר קאָנען גאָרנישט מאַכן, סיידן מיט די קעפּ אין האַרטער קויל זעצן. — זאַמלט די כּוחות, זאָג איך. ווער עס וועט לענגער אויסהאַלטן — דער וועט געראַטעוועט ווערן. פאַרטאַכלעוועט נישט קיין כּוחות אויף גאָרנישט, זאָג איך — איר האָט זיי נישט פון וואַנען צו נעמען. קיין ברויט צו פרעסן האָט איר נישט. מיט די גאַזן מוזט איר קעמפן. וואָס רייסט איר זיך אויף די גלייכע ווענט? עס איז נישטאָ, וואו צו גיין — וואוהין וועט איר גיין? ביי וועמען וועט איר זוכן דעם הונטס עק? מיר געפינען זיך איבער דריי הונדערט פוס טיף אונטער דער ערד. מיט די קעפּ וועט איר דאָס נישט אַדורכזעצן. זאַמלט די כּוחות, זאָג איך, צעפּטרט זיי נישט, איר האָט זיי נישט פון וואַנען צו נעמען. — און דער וועט זיך ראַטעווען, — דער, וואָס וועט צום לענגסטן אויסהאַלטן.



**אַנטאָן**

וואָס הייסט ער אונז וואַרטן אויפן טויט? וואָס, ווייבער זענען מיר? חברים, הערט אים נישט!

**זייצעוו**

און אַז איר וועט זיך צוקריכן, וועט איר שטאַרבן — ווי די ווילדע קעץ, וואָס האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע צוריבן, צופלייצט און צעוואָרפן זיך אין די ווינקלען. און אַזוי וועלן מיר שטאַרבן אַלע אינאיינעם. זאָלן זיי אונז געפינען דערנאָך אַרומגענומען אין די אָרעמס. לאָמיר זיי ווייזן, ווי אַרבעטער שטאַרבן. ווי ברידער, ווי מענטשן, ווי קאַמעראַדן. דעם לעצטן ביסן ברויט געטיילט. דעם לעצטן טראָפּן וואַסער. און פאַרשעמען זאָלן מיר זיי אין דרויסן מיט אונזער טויט.

*דער עולם שווייגט, ווי זיי האַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, — אַלגעמיין שווייגן*

**אַ שטימע**

רעד, זייצעוו, רעד — אַ ניי לעבן גיסטו אונז אַריין. רעד.

**זייצעוו**

און וואָס פאַר אַ קלאָג-ווייבער זענט איר? לאָזן זיך אַזוי פרי פאַנגען פון טויט? ווי לאַנג איז עס אינגאַנצן ווי מיר זיצן דאָ. — אַ טאָג, אָדער צוויי — און איר פלאַפּלט שוין פון טויט. — גיט זיי אַ געלעגנהייט דאָרט אויבן אַדורכצוגעבערן זיך צו אונז. וואָס מיינט איר — דערפאַר ווייל עס איז שוואַרץ ביי אונז אין דער קויל, איז שוואַרץ אומעטום? זיי רייסן זיך צו אונז — דאָס ווייב, דאָס קינד — דער פריינט, דער קאַמעראַד. זיי רייסן זיך צו אונז, ווי מיר צו זיי. — דורך דעם זאָג איך: האַלט די כּוחות איין, זאַמלט זיי, היט יעדן טראָפּן. גישט אַדורכצוזעצן די יואַנט, ווי דער אָקס, דער ווילדער, — נאָר צו באַקעמפן דעם טויט. צונויף וועלן קומען די כּוחות אין די לעצטע רגעס, ווען דער טויט וועט זיך וואָרפן אויף אייך, ווי די כיטרע שלאַנג, אַז איר זאָלט אים קענען נעמען מיט די לעצטע נעגל און אָפּוואַרפן פון אייך — ביז הילף וועט קומען.

גיט אייך נישט נאָך, ווי די שוואַכע ווייבער, ווי די שעפּסן,
נאָר זייט קאַמעראַדן, מענטשן.

**אַנטאָן**

יאָ, הילף וועט דיר דאָרט קומען — ער קען עס זיין באָבען זאָגן. צוואָס באַדאַרפן זיי אונז? עס פעלן מענטשן אויף דער וועלט אין די טויט-גרובן צו שיקן? אַבי אונזערע ווייבער וועלן פאַר זיי איבערבלייבן צו שלאָפן מיט זיי, אונזערע ווייבער און אונזערע בעטן.

**טאָני**

אַז די כאָלערע זאָל דאָס אַלץ פּאַקן, אַז אויסגעריסן זאָלן זיי ווערן פאַר אונזערע יונגע יאָרן, פאַר אונזערע לייבער, וואָס ווערן איצט פאַרווענדזלט. וואָס זענען מיר דאָ אינגאַנצן אַהער גע-קראָכן? — וואָס האָבן מיר געהאַט צו זוכן אין די קוילן-גרובן? — מיר זענען פויערים. דער פויער באַדאַרף די ערד, — נישט אונטער דער ערד.

**אַ שטימע**

ער האָט דען נישט רעכט?

**אַ צווייטער**

האָסט דיר געקענט אַן אַנדער עצה געבן? — דער מענטש גייט נאָכן געשטאַנק פון ברויט.

**נאָך איינער**

לאָמיר זיך נאָר אַרויסקריגן פון לאָך — וועלן מיר שוין וויסן, וואָס מיר האָבן צו טאָן.

**אַן אַנדערער**

מיך קריגן זיי דאָ שוין נישט אַריין. מעג איך שוין וויסן פאַר הונגער אויסצוגיין.

**אַ צווייטער**

לאָז מיך נאָר אַרויסקומען. אַז איך וועל מיך אָנכאַפּן מיט די נעגל אין דער גוטער מאַמע ערד — וועלן זיי מיך שוין פון איר נישט אַוועקקריגן, — ווי מיט צוואַנגען וועל איך מיך אָנהאַלטן אָן איר.



**זייצעוו**

איצט קענט איר נאָר פּיסקעווען, ווען דאָס קבר ליגט איבער אייך. לאָז מען אייך נאָר אַרויסלאָזן פון דער גרוב — וועט איר דערנאָך אַליין אַריינקריכן, ווי די מילב די בלינדע. אָט וואָס.

**איינער**

קענסט אונז אַן אַנדער עצה געבן?

**זייצעוו**

יאָ. מיר באַדאַרפן זיך צונויפנעמען, ווי איין מענטש אָפּמאַכן — נישט מער קריכן אין גרוב.

**אַ שטימע**

לייכט גערעדט. פון וואַנען וועסטו נעמען דאָס שטיקעלע ברויט?

**זייצעוו**

פון דער ערד, ווי אונזערע זיידעס. אַרויסגראַבלען עס מיט אונזערע נעגל פון דער גוטער מאַמע ערד.

**שטימע**

ערד? אָ, פון וואַנען וועסטו זי נעמען? שוין אויסגעכאַפּט גע-וואָרן, איידער מיר זענען נאָך אויף דער וועלט געקומען.

**זייצעוו**

נאָך דאָ אַ סך. גאַנצע מדינות ליגן דיר דאָרט אין דער מדבר. איך האָב געזען אַליין, ווי ס'ליגט, ווי אַ נאקעט ווייב. און וואַרט אויפן מענטשן, אַז ער זאָל קומען צו גיין.

**אַ שטימע**

זייצעוו, געזען אַליין? דערצייל — ברודער, ווי זעט עס אויס — די ערד וואָס פאַראַ איז? פּאַשע פאַר בהמות צי איז דאָ גענוג?

**נאָך אַ שטים**

דו גענאַרסט נישט אָפּ, ברודער זייצעוו?

**אַ שטים**

אַן אָרימאַן איז געוואוינט, מען זאָל אים גענאַרן. אַלע ציגאַנעווען דעם אָרימאַן. ציגאַנעווע — אַלץ איינס.

**זייצעוו**

ניין, ברודער, איך גענאַר אייך נישט — פאַרוואָס זאָל איך

אייך געגאַרן? צוערשט, אַז איך האָב דערזען דאָס גרויסע לאַנד, וואָס איז פון קיינעם נישט באַזעצט נאָך, האָב איך מיר אַפילו געטראַכט: איך וועל דעם סוד פאַר מיר אַליין באַהאַלטן; קיינעמען נישט דערציילן, אַלעס צונעמען פאַר זיך אַליין. דערנאָך האָב איך זיך איבערגעלייגט די זאַך: דו יועסט דיר מיט אַזוי פיל ערד נישט קענען אַליין קיין עצה געבן, ברו- דער זייצעוו, האָב איך מיר געזאָגט. — איינער אַליין וועסטו גאָרנישט אויפטאָן. איך וועל דעם סוד ברענגען צו אונזערע מענטשן און זאָגן אַזוי: ברידער חברים—לאָמיר זיך מאַכן אַ נדר, ברידער — אַלע אַזוי ווי מיר זענען דאָ, פאַרשאָטן אין דער גרוב, אַז קוים וועלן מיר זיך מיט אונזער לעבן ראַטעווען — צו נעמען ווייב און קינדער און — האַק און פאַק — און לאָזן זיך אין וועג אַריין, אין יענעם לאַנד אַריין. מיר וועלן מענטש- לעכע זאַנגען פאַרזייען. מענטשלעך ברויט. ער הערט זיך איין איר הערט מיך, מענטשן, צו ניין?

אַ שטימע

שוואַך

דערציילן, ברודער, ווי זעט אויס דאָס לאַנד, יועגן וועלכן דו דערציילסט!

סעווערין

וואָס מיינט איר, אַז עס איז שוין גאָר קיין יושר נישטאָ אויף דער וועלט? — איך האָב מיר שטענדיג געטראַכט, אַז ערגעץ- וואו ליגט אָנגעגרייט פאַר דעם אָרימאַן — פאַר אַלע זיינע מי און נויט — זיין לוין. — זיין פעלד וואָס וואַרט אויף אים. — מיינט איר — איז אַלעס שוין אויס? עס איז דאָ אָרדענונג און גערעכטיקייט אויף דער וועלט.

אַנטאָנס שטימע

ניין, ברודער, פאַרן אָרימאַן איז גאָרנישטאָ, איך, אַנטאָן, דער רוס, זאָג עס אייך.

טאָני

מיט אַ שוואַכער שטימע

יאָ, ברודער זייצעוו האָט רעכט. — ערגעץ-וואו מוז דאָך



זיין פאַר דעם אָרימאַן עפּעס אָנגעגרייט פון גאָט—פאַר אַל דער פּיין.

אַ שטימע

דערציילן, זייצעוו, דערציילן. ווי זעט אויס דאָס לאַנד, פון וועלכן דו דערציילסט. ווי ביי אונז אינדערהיים? וואַקסט אויך דאָרט מענטשלעך גראָז, ווייץ, זאַנגען?

אַנדערע

דערציילן, זייצעוו, אַלעס דערציילן.

אַנדערע שטימען

מענטשן ליבע, שטילט אייך איין, לאָזט הערן, וואָס זייצעוו זאָגט.

זייצעוו

דאָרט ווייט אין דרויסן, אין מדבר, בין איך אַמאָל געגאַנגען, געוואָלט אויסגעפינען, וואָס אַזעלכעס איז די פאַרשאָלטענע וועלט — וואו זי ענדיגט זיך, וואו זי הויבט זיך אָן. — גע- גאַנגען אַ טאָג, געגאַנגען צוויי — גאָרנישט, זאַמד און זאַמד. — נאָר מיטאַמאָל —

שטימען

שווייגט, מענטשן, שווייגט —

עס ווערט זייער שטיל

זייצעוו

נאָר מיטאַמאָל—און איך גייט אויף פעלד—פעלד און פעלד. לאָנקעס גרינע, מענטשלעכע, בהמהדיגע, שמעקנדיגע — גראָז אַזוי גרויס, ווי אַ מענטש דער הויך — און נישט איין דעסיאַטין און נישט צוויי — נאָר וואו דו שטייסט און גייסט — פעלדער און פעלדער, וואו דו קוקסט און וואו דו זעסט — לאָנקעס — לעבעדיגע, עטעמענדיגע: און ווי אין אַ בינשטאָק: פייגעלעך און ווערעמלעך — באַקאַנטע און פרעמדע — היימישע און אויס- טערלישע. — איך מיין איך חלום. — איך רייב זיך אויס אַן אויג, איך רייב זיך אויס דאָס צווייטע — אַז איך זע עס פאָרט און אַז איך טרעט דערויף מיט מיינע פיס. — אַז איך גיב נישט אַ קאָפּע אין אַ בוש, — אַ מחנה שטוב-ווערעמלעך הויבן זיך דערפון אויף, ווי פון אַ וואָלקן, — אַז עס גיט זיך נישט אַ

שיט מוראַשקעס אַ נעץ. — און דאָ ליגט פאַר מיר: אַ שטויס
ערד, היימישע, ערדישע, געזונטע, שמעקנדיגע — מיט ווערים
ווי מיט אָדערן אַדורכגעמישט; — אַז איך האָב זיך נישט גע-
געבן אַ וואַלגער אַראָפּ און גענומען קושן זי: ערדישע, היימישע,—
גוטענקע — מאַמעדיגע, פון וואַנען האָסטו דיך דאָ גענומען
אין דער פאַרשאָלטענער פרעמד? — דו ליגסט דיך דאָ אַזוי
אַ באַהאַלטענע, און דאָרט מוטשעט זיך דער מענטש מיט דער
קויל דער פאַרשאָלטענער. — אַז איך גיב זיך נישט אַ הויב
אויף און גיי אַריין טיפער אין די גראָזן — און דאָ זעט זיך
דיר שוין אַ וואַסער אַ קלאָרעס, פאַרשטעלט אין די קוויטשערס.—
און דאָרט קוקט שוין אַרויס צו דיר אַ ווערבעלע אַ קליינס, אַ
ווייס — ערשט אָנגעהויבן צו בליען. — ערגעץ-אַנדערש-וואו אַ
גרין נאָדל-בוימל. נאָך ערגעץ-אַנדערש-וואו — אַ קשאַק אַ שטע-
כעדיגער, — אָבער נישט פון די פרעמדע, וואָס מיר קענען
נישט פון אונזערע מקומות — איר ווייסט שוין אַ וועלכן איך
מיין, אַ וואַסערדיגן, מיט געשוואָלענע בלעטער, מיט שטעכערס
פאַסקודנע, — נאָר אַ היימישער קשאַקעלע, אַן אייגענער, אַ
משפחהדיגער — אַז עס האָט דיר נאָר געפעלט די קו די שטאָ-
לענדיגע, וואָס זאָל איר פאַרגאַווערט פיסק אַרויסשטעקן דער-
פון און זאָל דיר געבן אַ היימישן מריטשע. — אַז עס האָט
דיר נאָר געפעלט דאָס קעלבל דאָס שקאָצל, וואָס זאָל דיר
געבן אַ צאַפּל אַרויס פון צווישן די גרעזער. — אַז עס האָט
דיר נאָר געפעלט דאָס זשרעבעקל דאָס יונגע, וואָס זאָל זיך
דיר געבן אַ צעבריקע אויף דעם פעלד אויף דעם פרייען —
אַזוי איז אַלעס דאָ געווען. אַלעס היימישע, — דאָס פעלד, דאָס
גרעזעלע, דאָס בוימל, — דאָס וואַסער דאָס קלאָרע און דער
הימל דער שיינער — דער ליכטיגער. — אַזוי איז דאָרט
אַלעס געווען — נאָר די מענטשלעכע זאַנג האָב איך דאָרט נישט
געזען. ווייסט איר, פאַרוואָס: ווייל דער מענטש האָט דאָרט
געפעלט, דאָס צו פאַרזייען.

*לאַנגע, שטילע פויזע. — שווייגן.*



**זיצעח**

*ופט דערשראָקן*

מענטשן, איר הערט מיך, צי ניין? — מענטשן, ראַנגלט זיך
מיטן טויט. — לאָזט אייך נישט. — אָט גייען מיר דאָך אַלע צו
דעם לאַנד, פון וועלכן איך האָב אייך דערציילט. — מיר'ן
מיטנעמען וואַסער גענוג, ביז צום ערשטן סטאַוו. — זעק מיט
ברויט, ביז צו די ערשטע זאַנגען. - לאָזט אייך נישט, טרייבט
פון זיך דעם טויט. — חברים, איר הערט מיך, צי ניין. —
*ער הערט זיך ווידער מיט שרעק איין* איר זענט דאָך נאָר וואָס לעבע-
דיג געווען.

**אַ שוואַכע שטים**

ווייט דאָרט, ברודער זייצעוו, צו גיין?

**זייצעוו**

ניין. נישט ווייט, אַ טאָג אָדער צוויי.

**שוואַכע שטים**

איך וויל טרינקען.

**אַ צווייטער**

עס שרפהט, ווי אין אַ אויוון.

**אַ שטים**

*לאַכט הילד*

דער כיטראַק האָט אונז מיט אַ לידל צום טויט איינגעוויגט,
געמיינט, נישט געוואוסט — גוט אַזוי — גוט אַזוי.

**זייצעוו**

ניין, ברודער אַנטאָן, *בעט זיך מיט געזיין* איך האָב נישט גענאַרט.
מיר גייען דאָך אַהין, מיר זענען דאָך שוין אויפן וועג, —
נאָך אַ ווײַלע, וועלן מיר דערגיין. פאַריאָג פון דיר די
שלאַנג. — לאָז דיך נישט פון טויט. — דו הערסט מיך, ברודער
אַנטאָן — זאָג, רוף זיך אָן. דו הערסט מיך, צי ניין?
*פאַרצווייפלט* ער איז שוין שטיל. — אַנטאָן, ברודער!

**טאני**

*שוואַך*

און קוקורוזע וואַקסט אויך דאָרט, ברודער זייצעוו?

**זייצעוו**

יאָ, טאַני חבר, אויך קוקורוזע וואַקסט דאָרט, באַלד, לאָז דיך נישט, טאָני חבר, פון טויט, ביסט אַזאַ שטאַרקער. אָט באַלד, אָט שוין, דו הערסט מיך, — ענטפער מיר. — אויך דער שווייגט שוין.

**סלושאס שטים**

*זייער שוואך*

און האָניג-בלומען, האָניג-בלומען וואַקסן אויך דאָרט, — ווי אין דערהיים — אין פּאָלס—קאַ לאַנד?

**זייצעוו**

יאָ, חבר סלושא, יאָ. אויך האָניג-בלומען וואַקסן דאָרט — ווי אין דער היים — אין „פּאָלסקא״, חבר, ברודער מיין.

*פּויזע*

**זייצעוו**

*מיט די לעצטע כּחות*

חברים, ברידער — שלאָגט אייך מיטן טויט. לאָזט אייך נישט. ניין, ניין, באַלד. *אטעמט שווער* באַלד, באַלד קומען מיר אָן — *האָרכט זיך איין, קיינער ענטפערט אים נישט.* — אַלע שוויגן שוין, אַלע, — אַלע — ווי די הערינג — ווי די הערינג — פאַר-וועגדזלט געוואָרן.

*פון דערווייטנס באַווייזט זיך אַ מיראַזש פון אַ פעט, גרין לאַנד. זייצעוו רופט מיט די לעצטע כּחות* חברים — זעט דאָס לאַנד!

*פאָרהאַנג*



# דריטער אקט

*באַכט-שאָטנס פון אומגעזעענע ריזן-געשטאַלטן וואַרפן זיך אַדורך איבער קוילן-ווענט. — פון די שפּאַלטן פון די קוילן-ווענט גייען אויף דינע רויכן — אַמאָל צינדן זיי זיך אָן און אַמאָל לעשן זיי זיך אויס — ווי גליי-ווערים. אין גאַנצן חלל איז אַ קאָכעניש פון כּוחות, וואָס וואַרפן זיך קרישטאָל-פאָרמיג און געוויקסן-אַרטיג אַרויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף, ווי אַ כעמישער שטאָף, צעגאַנגען אין אַ גלאָז. בײַ זייער ליכט ווערט באַלויכטן די קופּע פּגרים קוילן-גרעבער, וואָס ליגן איינער אויפן אַנדערן, אַרומגענומען מיט די אָרעמס, מיט די פּנימער צו דער וואַנט. פון דער קוילן-וואַנט שניידן זיך ענדלעך אַרויס פּרויען-פיגורן, אין שוואַרצע בלישטשנדע קוילן-מאַנטלען, וואַרפנדיג זיך אין אַ ראָד אַרום דער פּגרים-גרופּע.*

*אַסיד, אַ ווילדער יונג, קומט אַריינצושפּרינגען, טאַנצט איבער די פּגרים, ער גליט אינגאַנצן — אַרום אים רויך און געשטאַנק.*

**אסיד**

פייער-כוחות ברענען אין מיין האַרץ, טליעט, טליעט, אָן אַן
ענד. — נישט געצוימט און נישט געשפּאַנט. — דאָרט וואו
איך לעק, איז אָפּגעמעקט.

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

טאַנצט אין ליכט-שטראַלן, וועלכע וואַרפן פון זיך משונהדיגע קאָלירן, זשומעט אַרום די פּגרים

אַהין און אַהער, אַהער און אַהין. דאָ געשטעלט, דאָרט גע-
מעקט. ווי געבוירן, אַזוי געשטאָרבן. — אָן אַ סאַרוואָס, אָן אַ
פאַרוועןְ. קיינער ווייסט נישט דעם טעם דערפון. — רינד און
ראַנד, ראַנד און רינד — שלייף איך מיינע שטראַלן אַרום.

**אַנטראַציט**

ריזן-פּרוי שנייט זיך אויס פון וואַנט

אין שיפן - דעקן געפאַנגען, ברענען זיי מיין האַרץ אין
גליענדע פלאַמען; צו באַנען-בייכער צוגעשמידט — שלעפ איך
זיי איבער ווילדע שטרעקעס אַרום. — מיט קלונג און קלאַנג
פון לאַנד צו לאַנד — אָן אָטעם-כאַפּ — לויף איך שטעט און
דערפער פאַרביי. וואו געטאָגט, דאָרט נישט גענאַכט.

**אסיד**

אַלטע ווייבער — הויז-קנעכט! נישט קיין פרייער עלעמענט איז
די קויל מער. ווי דאָס פערד, ווי דער אָקס. — דאָס האָבן
אונז די ווייבער אַזוי אין קנעכטשאַפט צום מענטש געבראַכט!

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

האָט מיך איינער פון זיי אין באַלעם גלאָז אַריינגעכאַפּט —
אויסצופאָרשן מיין איינגנשאַפט, — רעדט און טראַכט, באַלעקט

און באַשמעקט, שלעפּט מיך ביי די צעפּ. — און מיטאַמאָל:
פּיף און פּאַף, שטינק און שטאַנק — רויך און גאַז פון פלאַש
אַרויסגעקנאַקט! — דעם קאָפּ צושפּאָלטן, די הענט פאַרברענט,
אַ לאָך אין באַלקן אויסגעזעצט — אָט אַזוי באַגייט מען זיך מיטן
מענטש.

**אַסיד**

דאָס איז רעכט, דאָס איז רעכט — ברודער כּוח! זאָל מען
אָננעמען די וועלט ביים פונדאַמענט און געבן אַ זעץ.

**אַנטראַציט**

זיצט איבער מיר אַ מענטש שוין אַ שטיק מיט צייט — אפשר
ווייסט איר, וואָס ער מיינט? ער וויל מיט מיר נסים באַשאַפן...
מען זאָגט: זייערע ווייבער האָבן זיך איינגעשפּאַרט, איר
ווייסט שוין וואָס איך מיין. אַ חרפּה פאַר קוילן צו דער-
ציילן. מישט מיך אַהער, מישט מיך אַהין — לאָזט מיך אויף,
בינדט מיך צונויף. — מיט שונאים האָט ער מיך שוין פאַר-
איינט, מיט פריינט צוטיילט. אפשר ווייסט איר, וואָס ער
מיינט? נישט אַנדערש, נאָר איך זאָל אים פאַרטרעטן דאָס
ווייב... *עס קומט אָן אַן עלעקטרישע קראַפט, פול מיט פונקען — דאָ לעשן זיי*
*זיך, און דאָ צינדן זיי זיך אָן. אַ געשטאַלט מיט טויזנטער אויגן באַזעצט — האָט*
*איבער זיך אַן אייזערנע נעץ.*

**אַסיד**

זעט, אונזער שוועסטער — עלעקטריק, דער שטאָלץ פון דער
עלעמענטן-וועלט — מיידל-פריי געווען אַמאָל, פאַרשקלאַפט איז
זי געוואָרן פון מענטש. — זעט, ווי זי גייט — אַ צוים אין
מויל — אַ קייט אויף די הענט. עלעמענטן, זעט, וואָס דער
מענטש האָט געמאַכט אויס אייך?

**עלעקטרישע קראַפט**

*באַלייכט די פּגרים*

ווער האָט עס געטאָן?

**אַסיד**

נוקם געווען פאַר דיין שאַנד. געמיינט — זיי האָבן אונז שוין
גענומען אין פאַנג.



**עלעקטרישע קראַפט**

עס לוינט זיך, אסור, ניין. עס איז זיי נישטאָ וואָס מקנא צו
זיין. — ווען דו קוקסט זיך צו זייער לעבן איין — נישט ביי
איינעם קען די קויל פּלאַצן פאַר ווייטאָג, — נישט איינמאָל
גלוסט זיך כאָטש אָנצוטאָן אַ מעשה זיך אַליין. אָנצורירן זיך
ביי דעם אייגענעם דראָט און ברענען מיט זיי.

**קאָך-קויל**

מיר ווייסן — אונזער שוועסטער עלעקטריק איז אַ גרויסע
פּעסימיסטין. דאָס קומט איר פון צופיל קוקן אין די ווינקלען
אַריין. האָסטו דען נישט קיינמאָל געזען קיין פרייד ביי זיי?

**עלעקטרישע קראַפט**

ווי איז שייך? אַמאָל — אין מיטן דער נאַכט — ווען אַ מו-
טער צינדט מיך אָן, ביי מיר איר קינד אָנצוזויגן — אָדער,
דאָרט אַן אַלטער מאַן אין זיין אייזנאַם בוידעם-שטיבל שליסט
זיך מיט מיר איין: אַודאי זע איך אין דער מוטערס פּנים
פרייד. און דער אַלטער מיינט — די וועלט דערלייזט. דאָס
קינד, ווען עס ווערט דערוואַקסן, שעלט די מוטער, וואָס האָט
אים געבוירן. — און דער אַלטער שטאַרבט אָן אַ גאָט אין
האַרצן — אַז מען זעט דעם אָנהויב און אויך דעם ענד.

**קאָך-קויל**

און דאָך — זאָג איך — יעדער טאָג ברענגט זיין פרייד. —
איך בין דאָך מיט זיי שוין נישט פון היינט, — איך האָב
דאָך נאָך זייערע באָבעס געקענט. — נישט ווי די יונגע שנע-
קעס — פון היינט. און וואָס האָט מען פאַר מיר נישט פאַר-
טרויט? און וואָס האָבן זיי צו מיר נישט אַריינגערעדט דורך
די לאַנגע ווינטער-נעכט? — און ווי עס מאַכט זיך אַמאָל:
פאַרזוכט מען אויך אַ טראָפּ פון דעם טאָפּ — מען איז דאָך
נאָר אַ זינדיגע קויל... נו, נו, אַז מען דערלויבט זיך אַזאַ
פּעטס — איז נאָך נישט שלעכט. — נאָר שוין אַזאַ נאַטור ביי
זיי — שטענדיג נאָר צו קוקן ביי יענעם אין טאָפּ — קיינמאָל
נישט מיטן אייגענעם צופרידן זיין.

*עס צעבלישטשען זיך בריליאַנטן — די דימענטן־קעניגין ערשיינט, — חיל פּאַראַ־ גיין, שטעלט זיך אָבער אָפּ מיט אַ שטאָלצער מינע, נישט קוקנדיג צו קיינעם*

**ד י מ ע נ ט ן ־ ק ו י ל**

און איך זאָג נאָר איינס – עס איז דאָך אַלעס אַזוי גוט, – עס איז דאָך אַלעס אַזוי שיין. תּמיד איז יום־טוב בײַ זיי, תּמיד איז פֿרייד. אַלע שטובן זענען באַלייכט, אַלע טישן זע־ נען געגרייט. עס פֿינקלט דער ווײַן, דער הער אין פֿראַק, די דאַמע אין באַל־קלייד. – אויף דעם ווײַסן אַלעבאַסטער־האַלז שײַן איך ווי אַ זון, יעדעס אויג צו מיר געחנעדעט – יעדער בליק, יעדער קוש. די ערד אַ הימל, דער מענטש אַ קעניג. די וועלט אַ באַל. תּמיד פֿרייד, תּמיד גליק. עס איז דאָך אַלעס אַזוי גוט! מען באַדאַרף נאָר האָבן אַביסל גליק.

**ע ל ע ק ט ר י ש ע ק ר אַ פֿ ט**

אויף דער ווײַכער ווײַבער־ברוסט זיצט זיך גוט. אין דעם העלן ליכט זעט אַלעס אויס יום־טובֿדיג שיין, – וואָלט זי נאָר אַזוי ווי איך, דורך דער טיפֿעניש פֿון ים־נאַכט דורכשפּאַצירט. דער וועלטס ראָד געדרייט!

**ד י מ ע נ ט ן ־ ק ו י ל**

ווי איינעם עס איז באַשערט. פֿאַר יעדן זײַן אָרט אָנגעגרייט. וועם אויף דער ווײַבער־ברוסט – וועם ערגעץ־אַנדערש וואו. בחינם דאָס בונטעווען, בחינם דער פּראָטעסט, איר וועט עס נישט איבערמאַכן.

**ע ל ע ק ט ר י ש ע ק ר אַ פֿ ט**

דאָס האָב איך שוין אָפֿט געהערט בײַ רײַכע טישן רעדן – אַז אַלעס איז נאָר גליק. יעדער איינער, וועמען עס גייט גוט, מיינט אַזוי. אַנדערש טײַטשן עס אויס די אָרימע לײַט, – אַז אַלעס איז נאָר ר ו י ב.

**א ס י ד**

די עלעמענטן ווערן אַלט – אויסגעוועבט – אין דינסט בײַ דעם מענטש, ווי דאָס רעדט: אַלטע ווײַבער; אויסגעדרע־ סירטע קעץ. – ווי דער הונט אויף דער קייט, גייט עס נאָך דעם מענטש. נישט קיין פֿרײַער קוילן־עלעמענט מער אין גע־



ווירבל און געשריי, אויסצולעבן זיך זײַן לעבן אַליין! געדענקט איר דען נישט, שוועסטער, יענע צײַט. יענע יאָרן? ווען מיידל־ פֿרײַ זענען מיר געווען אויף דער וועלט אַליין?–מיר האָבן אויסגע־ טרונקען די גאַנצע זון;–מיר האָבן אויפֿגעפֿרעסן אַלע געמויזעכצער, אַלע זומפּן;–מיר זענען געוואַקסן אין דער דיק, אין דער ברייט – קיינער האָט נישט געוואויגן אונזער קראַפֿט. קיינער האָט נישט גע־ מאָסטן אונזער דיק. צו קיינעם נישט קיין קנעכט. צו קיינעם נישט געדינט. אַ צוועק פֿאַר זיך אַליין.

*באַוועגונג צווישן די עלעמענטן — שטילשווײַגן*

**ע נ ע ר ג י ע**

*שרײַט אַרויס*

טויזנט שדים אין איין ריר, – טויזנט רוחות אין איין אָטעם! איך האָב געריסן בערג און געשליידערט זיי אין טאָל אַרײַן.– פֿאַר גאָרנישט, נאָר פֿאַר צײַט־פֿאַרוויַל. – איך האָב געהויבן ימים און אויסגעשפּיגן זיי. – וואו איך האָב געוואָלט, האָב איך אַ פֿײַערדיגן קראַן אויפֿגעעפֿנט, געריסן קאָריטעס, – צע־ בראָכן צוימען – געלייגט וועלדער, – געהויבן ווינטן. – פּוסט און פּאַס איבער דער וועלט אַרומגעלאָפֿן.–איצט זעט די קייטן אויף מײַנע הענט. – *ער קלימפּערט מיט די קייטן* זעט, ווי זיי האָבן מיך געבראַכט אין שפּאַן אַרײַן.

**אַ ס י ד**

*לאַכט*

ווי דער ווילדער אָקס – גייסטו נאָך זיי!

**ע ל ע ק ט ר י ש ע ק ר אַ פֿ ט**

*דערמאָנט זיך — זאָגט אין טרויער*

יאָ, עס איז אַמאָל געווען אַ צײַט. – אַמאָל, אַמאָל אין יענע קינדער יאָרן – ווען מען איז נאָך געווען פֿרײַ, – געהאַלטן האָב איך די כּוחות פֿון דער וועלט בײַ די צעפּ, אין מײַנע הענט. איך האָב געכשופֿט די וואָלקנס פֿון הימל אַראָפּ, – גע־ צויגן שנורן ליכט פֿון איין עק צו דער אַנדערער צו. – גע־ שפּאָלטן דעם הימל, – דער ערדס בויך אויפֿגעפּראַלט, די שטערן געשלעפּט פֿון זייער צוגעשפּאַנטן אָרט צו דעם אַנדערן

עק. — אַז איך האָב געוואָלט, האָב איך געדונערט און גע־בליצט, ווי אַ גאָט. קרעפטן געצויגן, קרעפטן געטיילט. פאַר גאָרנישט, נאָר פאַר בלויזן קאַפּריז! יאָ, געווען אַמאָל אַ צייט!

**אסיד**

און וואָס איז געוואָרן אויס אונז? — טראָפּן, טראָפּן שעפּט דער מענטש אונזער קראַפט, ווי אויס אַ קראַן, ווי אויס אַ לאָך. קיינער האָט סיי־ווי־סיי פון אונז נישט קיין פרייד. — דורך דעם זאָג איך איינס: — פיף און פאַף פון דער ערד אַרויסגעזעצט, דאָס פולווער־פאַס אונטערגעצונדן, דעם גאַנצן פונדאַמענט אונטערגעהאַקט. — זאָל אַלעס זינקען אין לאָך אַריין! — זאָל קנאַלן דער רויך, קאָכן דאָס פייער — די גאַנצע וועלט איין שטראַלן־זייל, מיט פלאַמען געשפריצט, מיט רויך געזעצט — פאַר גאָרנישט, פאַר קיינעמס צוועק — אָן אַן עק אין אַלע אייביקייטן אַריין.

**גריפּעל**

א טיפּ פון אַ לערער, אָנגעטאָן אין אַ סורדוט, מיט ברילן, רעדט פלעגמאַטיש

ווי אַן אַלף — איז אַן אַלף, אַ בית — איז אַ בית, — אַזוי איז עס פעסטגעזעצט און פעסטגעשטעלט: — אַז יעדער אָנהויב האָט אַן ענד. אָפּגעברענט, אויסגעלאָשן — אין אַן אַנדער קערפּער פאַרפלאָסן, — אַזוי געבוירן — געשטאָרבן, געשטאָרבן — געבוירן. — מיר קענען נישט פאַרשווענדן אונזער פאַרמעגן — אָן אַ חשבון; מיר מוזן זיך אויך פון וועמען דערנערן.

**אסיד**

אַז אַנישט איז וואָר, וואָס ער דאָרט דערציילט. ער לאָזט זיך פירן פון מענטשלעכן שכל — ווי ווייט קען ער גאָר דערגיין? — ער האַקט זיך אין אָנהויב, — ער האַקט זיך אין ענד. — ער וועגט און מעסט אונז מיט זיין אייגענער וואָג און שאָל — אומענדלעך זענען מיר — און אָן אַ צאָל, — געטער זענען מיר — נישט קיין מענטש.

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

עס האַלטן זיך אין מיר געננוג כוחות אויף · אויסצושטראַלן וועלטן גאַנצע. קוקט אין מיינע פאַרבאָרגענע זונען אַריין —



ווי עס קאָכט, ווי עס זידט. רעדער דרייען, פונקען שפּריצן — עס קרישלט זיך מיט לעבנס אַראָפּ און אַרויף, אַרויף און אַראָפּ. מינוט איין, מינוט אויס — שאַף איך לעבנס פון מיר אַרויס. נישט געאַקערט און געוואַקסן, נישט געזייט און גע־שניטן, קיינער דערנערט נישט מיינע שטראַלן, — איך שטיל דעם הונגער זיך אַליין איין. — איך בין דער פאָטער און דער זון; איך בין די מוטער און דאָס קינד. — קיינער האָט מיך נישט געלאָזט אין גאַנג. — קיינער וועט נישט אָפּשטעלן מיין ראָד. — אָ, ווען איך וואָלט נאָר געהאַט אָט אָ דאָס... אָ, דאָס...

**כוחות**

צערשטוינט

וואָס אַזוינס?

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

איך ווייס נישט, ווי דאָס אָנצורופן, — איך האָב נישט דער־פאַר דאָס פּאַסיגע וואָרט.

**כוחות**

קענסט אונז נישט געבן פאַרשטיין מיט אַנדערע רייד?

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

אָט דאָס, אָט דאָס — אויפצוהויבן זיך פון זיך אַליין, פון דער אייגענער הויט, — אָן געהייסן, אָן באַפעל. נישט צו ליגן מיטן גאַנצן טאַראַראַם איבער אַנאַנד — ווי אַ טויטער שטיין. אָ, ווען איך וואָלט נאָר געהאַט יענע זאַך, וואָס דאָס מינדסטע לעבעדיגע באַשעפעניש האָט.

**עלעקטרישע קראַפט**

מיט אַ קרעכץ

דאָס, וואָס דער מענטש האָט אין פולער מאָס.

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

טיילמאָל, ווען איך ליג אַזוי אין דער טיפער נאַכט — אויס־געבעט אין דער שוואַרצער אומענדלעכקייט — מיט אַלע מיינע וועלטן־עמבריאָנען איינגעפלאָכטן אין מיין בויך, און איך טראַכט און טראַכט, — דוכט זיך מיר, אַז איך הער דאָרט עפּעס וואָס... אַן אָדער גיט זיך אַ ריר, — אַ קרישטאָל — אַ צי־

טער, אַ צאַפּל, אַ פונק, און איך דערפיל אַ פאַרלאַנג, — נאָר באַלד גיט עס אַ פאַרשווינד, ווי עס וואָלט נאָר אַדורכגעלאָפן אַ ווינט... ווי אַ קאַץ גיט עס אַ פאַל—אָט געווען און שוין נישטאָ באַלד...

**כוחות**

רינגלען זי ארום

קראַפט! קראַפט! זוך! וועק! — באַלד וועסטו דיך געבן אַ דערמאָן. — גיב אונז אַ צוועק, גיב אונז אַ טעם!

**אַנדערע**

פלעכטן מיר זיך אין דיר איין, לויפן מיר אין דיין ראָד מיט, — לעבן מיר דורך דיר אויף. — גיב אונז אַ תכלית! גיב אונז אַ צוועק!

**אַנדערע**

דערוועק, דערמאָן.

**אַנדערע**

בעטנדיג זיך

אום דער קוילס וועגן — גיב אונז לעבן!

**אונדערפאָרשטע קראַפט**

אָט נאָר וואָס געהאַט, אָט נאָר וואָס געווען.

**כוחות**

מיט גרויס געוויין און געבעט

כאַפּ עס אָן ביי דער האַנט!

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

פארלוירן

וואָס דען? ווען? קען אַ קויל געבוירן? — איך בין אַ שטיין געוואָרפן — און איך פאַל און פאַל.

**אַנטראַציט**

קלאָגט און וויינט

שטומע געטער זענען מיר, פאַרהאַרטעוועטע פלאַמען. בלינדע זונען, פאַרשטיינערטע קוואַלן. — אין אונז ליגט קראַפט גע-נוג וועלטן ווי באַלן צו מאַכן שפּרינגען — דעם גאַנצן אומענד



אויפצוקאָכן און אויפצוז׳ידן, און מיר ליגן אין מענטשנס האַנט.

**ענערגיע**

וויינט

זיבן זונען זענען פאַרשפּייכלערט אין מיין בויך. אויפגעפרעסן אַלע געמויזעכצער פון די וועלדער, אויסגעטרונקען אַלע זומפּן, פון יונגע ימים. — אַז איך ווער צעזעצט און צעפּלאַצט און שטיי ווי אַן אָקס — נאָר צו גיין ביי דעם מענטשן אין שפּאַן

**אומדערפאָרשטע קראַפט**

אין אונז ליגט כוחות גענוג אַלע פעלדער צו מאַכן בליען, אַלע באַשעפענישן צו זעטיגן מיט שפּייז, — אַלע פייערן צו דער-נערן מיט קראַפט. פון אונז איז אָפּהענגיג יעדע לעבעדיגע זאַך און מיר שטייען אומבאַוועגט, ווי דער טויט אַליין.

אַלגעמיין געוויין פון די כוחות

עס בליען אויף פייערן און לעשן זיך אויס. פון אומעטום אַ יאָמערן. ווי אַ וואונק פון ראַנד. אַ קאָכעניש — רויכן שטייגן, גאזן באוועגן זיך.

ווער וועט אונז באַפרייען פון דעם מענטשנס הענט? פון-מענטשנס געוואַלד?

**טאָרף**

א וויאקס אויס, הויך און פּראָסט ווי א פויערטע

פאַסט עס פאַר די מוטערס פון דער וועלט — ווי ווייבער צו וויינען און צו ברעכן די הענט?

**כוחות**

מיט פארוואונדערונג

ווער וואַגט צו רעדן צו אונז אַזעלכע רייד?

**טאָרף**

איך בין דער טאָרף: די ייִנגסטע אין די יאָרן, איך בין אַ פּראָסט ווייב — איך גיי אום מיט די מענטשן נישט פון היינט, איך ווייס זיינע פאַרלאַנגען, — איך קען זיין נאַטור.

**עלעקטרישע קראַפט**

וואָס קען זי אונז פאַר אַן עצה געבן געגן דעם מענטש?

**טאָרף**

צו נעמען אים אין געפֿאַנג.

**כּוחות**

ווי אַזוי?

**טאָרף**

*גלייכגילטיק*

דורכן שטיקעלע ברויט. דער מענטש איז גאָרנישט אַזוי געט-לעך, ווי דער עלעמענט מיינט. ער איז נאָר אויך אַ שטיקעלע קויל — ער נעמט און גיט. ווי יעדער איינער פֿון אונז.

**עלעקטרישע קראַפֿט**

אפשר וועט זי אונז זאָגן באַשייד, וואָס זי מיינט?

**טאָרף**

איך קען דעם מענטשנס נאַטור נישט פֿון היינט, איך בין גע-וואוינט מיט אים פֿון לאַנגער, לאַנגער צייט. עס געפֿינט מיך דער פֿויער אין פֿעלד און נעמט מיך מיט אַהיים, הייצט מיט מיר דעם אויוון איין. הער איך זיך צו זיינע רייד איין, פֿאַר מיר פֿאַרטרויט ער זיין האַרץ: ווען ער וואָלט נאָר רעגן גע-האַט צו דער צייט, וואַרעמקייט געַנוג זיינע פֿעלדער רייף צו מאַכן, די קאַרטאָפֿל פֿעט, די אייטערס פֿול — און אַלץ אַזעלכע רייד. ניין, ער איז גאָרנישט אַזוי געטלעך, ווי איר מיינט.

**אַסיד**

דער מענטשן-שפּיאָן, דער מענטשן-הונט — ווי זי רעדט מיט גלאַטיגער צונג.

**טאָרף**

עס חלומען די מענטשן פֿון לאַנגע, לאַנגע צייטן פֿון אַ פֿעלד, וואָס וואַקסט אַליין — וואָס ליגט ערגעץ פֿאַר זיי אָנגעגרייט, אַ לוין פֿאַר אַלע זיינע מי און לייד. — אַ לאַנד אין דר'ערד — זיין קאָפּ צו פֿאַרדעקן פֿון דער נאַכט, — אַ קלייד איבער זיין נאַקעט לייב — פֿאַר דעם ווינט און פֿאַר דער קעלט. פֿון אונז וועט ער אָפּהענגיק זיין. עס דינט נישט דער מענטש קיינעם אַזוי געטריי — ווי זיין אָרעם שטיקל ברויט, און אַנ-שטאָט דאָרט צו דער נאַרישער זון, — צו אומבאַקאַנטע פּלאַ-



נעטן — ווער ווייסט? מיר וואָלטן צו געטער געוואָרן פּראָק-לאַמירט, פֿאַר אונז וואָלט ער טעמפּלען געשטעלט, די קויל אויפֿן הייליגן אַלטאַר אויסגעשטעלט — פֿאַר איר צו זינגען אַ געטלעך לויב. — וואָרום, נאָך אַלעם זענען מיר דאָך די — וואָס באַזאָרגן אים דאָס שטיקעלע ברויט!

*אַלע בלייבן שטיל און פֿאַרגאַפֿט*

**קאָך-קויל**

איך מיין עס אויך אַזוי. דער מענטש איז אַ זייער דאַנקבאַרע חיה. ווי ער נעמט מיך דאָס אַרויס, ווי ער האַלדזט מיך — ווי ער קלאַמערט זיך אין מיר פֿאַר דעם ביסעלע וואַרעמקייט, וואָס איך גיב אים. און ער זויגט דאָך פֿון אונזער ברוסט סיי-ווי-סיי. און יעדע אַם האָט ליב דאָס קינד, — וואָס שטילט זיך מיט איר מילך. האָב איך רעכט, צי ניין?

**גריפֿעל**

און איך קען אייך נאָר באַשטעטיגן איינס: אַזוי ווי אַן אַלף — איז אַן אַלף — און אַ בית — איז אַ בית — אַזוי האָב איך פֿאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס, — אַז אָן מענטש איז נישטאָ קיין גאָט, — ער איז עס, וואָס האָט אויסגעפֿונען זיין געט-לעכע קראַפֿט, אַז נישט וואָלט אַלעס נאָר געווען „עלעמענט".

**דימענט-קויל**

וואָס מיינט איר, חבֿרטאָרינס, איך מיט מיין פּראַכט און גלאַנץ בין די ריכטיגע געטלעכע רעפּרעזענטאַנץ, — פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס איז דאָך נאָר אַלעס גלאַנץ.

**אַסיד**

וואָס מיר פּראַכט, וואָס מיר גלאַנץ? — דער עיקר איז די אימה, דער עיקר דער נס, — מורא באַדאַרף מען האָבן פֿאַר אַ גאָט — אַז נישט איז גלייך — שטינק און שטאַנק. — מיט דונער און בליץ. — דעם מענטשן באַדאַרף מען האַלטן תּמיד אין שרעק.

**גריפֿעל**

איר וועט זיך שפּעטער מיט דער געטלעכקייט טיילן, דאָס לעבן וואַרט אויף אונזער פּראָצעס.

כוחות
ברודער גריפּעל, דו ביסט געלערנט — זאָג אונז, וואָס צו טאָן?

עלעקטרישע קראַפט
צו נעמען דעם מענטש אין געפאַנג, איינצושפּאַנען אים אין אונזער ראָד. דעם מענטש באַדאַרף מען בינדן מיט זיין אייגענעם שטריק, ווי שוועסטער טאָרף זאָגט, אָט וואָס. עס ליגט דאָ צווישן זיי אַ פאַנטאַזיאָר, וואָס נעמט מיראַזשן אָן פאַר רעאַליטעט — האָט געוואָרפן צווישן די מענטשן די לעגענדע פון וואונדערלאַנד. וואו עס וואַקסט ברויט אָן גע־אַקערט און אָן געזייט. לאָמיר לעבעדיג מאַכן זייער חלום פאַר זיי: די גרוב וועט ווערן זייער היים, דער פונק — די זון, די קויל — גאָט.

כוחות
אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס?

גריפּעל
געבוירן זענען מיר אַלע דורך איין געבורט, שטאַרבן וועלן מיר אַלע דורך איין טויט. — געשפּאָלטן ליגט יעדער פון אונז. ערגעץ-וואו איז די העלפט פון אונז און בענקט נאָך אונז, ווי מיר נאָך איר. אַליין זענען מיר גאָרנישט. אַלטע בחורים, פאַרזעסענע כלות. געאיינציקט אין טויט, געפּאָרט אין לעבן. ווילן מיר פּרוכטבאַר זיין — מוז יעדערער פון אונז אין שדוכים שטיין.

עלעקטרישע קראַפט
ברודער גריפּעל איז פאַרקראָכן אין פילאָזאָפיע. דאָס קומט אים פון צופיל ביכער שרייבן. עלעמענטן רעדן נישט — עלע־מענטן טוען.

קאָד-קויל
איך בין דאָך שוין אַ קויל אין די יאָרן, נאָר אַזעלכעס האָט מיר נאָך נישט פּאַסירט. בין דאָך שטענדיג געוואוינט אַליין מיט מיין פייער-טאָפּ צו גיין שלאָפן, און אויף מיינע אַלטע יאָרן זאָל מיר נאָך זיין אַזעלכעס באַשערט?



אסיד
טיף און פּאָף — געהערט אַ זאַך? ווילן מיט מיר אַ שידוך טאָן? איך וואָרן אייך פאָראויס — איך וועל דער כלה אַן אויג אַרויסנעמען, אַלע האָר פון קאָפּ אַרויסרייסן. אָ, איך ווייס שוין, וואָס איך וועל טאָן.

דימענט-קויל
איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, ווער עס וועט מיין מחותנתטע זיין, דעם יחוס נאָר נישט איינצוריכטן.

גריפּעל
עס וועט אייך גאָרנישט העלפן. די, וואָס ווילן נישט מיט גוטן ווילן צו דער חופּה גיין — וועלן ווערן געשלעפּט ביי די צעפּ אין חתנס בעט.

עלעקטרישע קראַפט
איצט זאָג אונז, וואָס איז צו טאָן. פון אַלע רייד ווייסן מיר נאָך נישט, וואָס איין און וואָס אויס.

גריפּעל
עס האָט דער מענטש דורך מיר פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס אין גרויסן בוך: ווער מיט וועמען און ווער מיט וואָס עס האָט צו באַשאַפן אַ פּאָר. די עלעמענטן מוזן פּרוכטבאַר זיין. אַ גרויסע חתונה מוז קומען איבער דער וועלט. אַלעס, אַלעס מוז אין שדוכים שטיין. עס איז נישט דאָס קאָכן, עס איז נישט דאָס זידן — דער עיקר דאָס מישן; אַבי עס זאָל גע־שען דער אַקט. וואָג און מאָס קומען און שטעלן זיך אין קאָן. פאָרם איז אַ מינדערוועורטיגע זאַך. זי שלעפּט זיך ממילא נאָך— מיט יעדער געבורט. איצט טו איך אָן די ברילן און שלאָג אויף דאָס בוך ער טוט זיך אָן אַ פּאָר ברילן, שלאָגט אויף אַ בוך עלעקטריש ליכט, לייכט מיר צו, עלעקטריש ליכט באַלייכט אים איצט רוף איך אויס די זווגים. עלעמענטן, הערט זיך נאָר גוט איין, עס זאָל נאָר נישט געשען קיין טעות. ער ציט מיט דער האַנט אין דערלופטן דער מיט דעם — און דער מיט דעם מישן זיך אויס

און עס קומט דערפון אַ דריטס אַרויס! ער כאַפּט אויף פון דער לופטן
כוחות און וואַרפט זיי צוזאַמען

אַ דונער, אַ בליצן, אַ שלאַקס רעגן פאַלט אויף דער בינע

גריפּעל

רופט אויס

איצט זענען מיר געטער אַליין!

# פערטער אַקט

די סצענע ווערט פאַרוואַנדלט, ווי ענדע צווייטן אַקט. די גרעבער ליגן שוין אַלע אין איין קופּע פאַרוואַנדזלטע. זייצעה אַליין, ראַנגלענדיג זיך מיט די לעצטע כוחות, באַווייזט נאָך סמנים פון לעבן. ער ווערט זיך פאַלן צו ווייטע אַפּהילכנדיגע קלאַנג

ו יי צ ע וו

ווער איז דאָרט? ווער? ער הערט זיך איין ברידער, מען קומט, מען קומט — הערט זיך איין! — אָ, אַלע זענען זיי שוין פאַרוועבדזלט געוואָרן, ווי די הערינג. — שווייגן. — ער אליין הויבט זיך אויף, נעמט אַ האַק און לויפט צו צו דער קוילן-וואַנט — און פרזאחט האַקן. — די גאַזן אָבער, וועלכע האָבן אים ארומגערינגלט, ווארפן אים צו רופ֞ר ערד אָ, שטיקנדיגער עלעמענט. פייערדיגער געשטאַנק, אַוועק פון מיר, — אָט באַלד, אָט שוין קומט אָן דער מענטש — ניין, איר וועט מיך נישט פאַנגען, — צו דער זון, צו דער זון — ברידער, דאָס לאַנד! דאָס לאַנד! ער פאַלט אום -- אין שווייגן. א לאַנגע שווייגנדיגע פויזע, איינציגווייז זעט מען, ווי די כוחות זשומען ארום די געפאַלענע פגרים, ווי גלי-ווערים, דאָ צינדן זיי זיך אָן, דאָ לעשן זיי זיך אויס. גאַזן קאכן זיך, און צולאָזן זיך, ווי קרישטאלן אין א גלאָז. — ווי קריכנדיג אין פייערדיגע שנורן ארויף און אראָפּ, אראָפּ און ארויף — באַוועגנדיג מיט ליכט און שטראַלן די ליגנדיגע פגרים, — פון דעם ליכט ארויס זעט מען, ווי די פגרים הויבן זיך אָן צו באַוועגן, איינציגווייז — ביז זיי וואַקסן אויס צו איין באַוועגלעכע מאסע, וועלכע קומט ארויס צו שווימען פון פאַרנעפּלטן ליכט, ווי רוחות, שאָטנס, מענטשן און נישט קיין מענטשן — פאַרהוילן הינטער אַ געוועב פון געדיכטע שלייערס.

ז יי צ ע וו

פון נעפּל אַרויס

נאָך מיר, חברים. — דאָ אויף דער זייט האָט עס זיך באַוויזן.

שטימען

*הינטער אים*

וואו? זייצעוו, וואו?

זייצעוו

ערשט וואָס געווען. — ערשט וואָס געזען — אַ שטראַל ליכט
האָט געגעבן אַ בלאַסק - איך האָב דערהערט אַ קלאַנג.

שטימען

*הינטער אים*

מיר זעען גאָרנישט, מיר הערן גאָרנישט — מיר זענען טויט.

זייצעוו

ברידער, ניין, — נאָך אַ טריט, נאָך צוויי — נאָך מיר — אויף
דער זייט — דאָ האָט עס זיך באַוויזן — מיר וועלן עס גע-
פינען — עס קומט, עס קומט צוגיין.

שטימען

וואָס לאָזט ער נישט שטאַרבן רואיג?

אַנדערע

וואָס ציגאַנעוועט ער אונז — וואָס לאָזט ער נישט די קאָפּי-
טעס אויסציען רואיג.

אַנדערע

לאָזט, ברודער זייצעוו, שטאַרבן רואיג.

זייצעוו

ניין. — ניין. איר הערט נאָך — איר זעט נאָך, — איר גייט
נאָך מיר. נאָך מיר — פון דאַנען הערן זיך די שטימען. פון
דאַנען אָט די קלעפּ אין דער וואַנט — אָט באַלד. באַלד וועט
זיך באַווייזן די זון.

אַנטאָנס שטימע

בחינם, חברים, דאָס זוכן. איך, אַנטאָן, דער רוס, זאָג: עס
איז גאָרנישטאָ, גאָרנישטאָ פאַרן אָרימאַן.

שטימען

גאָרנישטאָ פאַרן אָרימאַן.



סלושאַס שטימע

איז געגאַנגען דער הויכער סטאַך מיטן בלינדן יאַן זוכן דאָס
לאַנד — און זענען קיינמאָל נישט געקומען צוריק.

סעווערין

אָבער עס מוז דאָך ערגעץ - וואו עפּעס זיין — זאָגט, ברידער,
איז דאָ, צי ניין?

אַנטאָן

גאָרנישט איז דאָ. גאָרנישט, בלויז ציגאַנעווערײ פאַרן אָרימאַן.

זייצעוו

*שטעלט זיך פלוצים אָפּ און ווייזנדיג זיי אין דער פינסטערער נאַכט*

חברים, זעט — זעט — זעט.

שטימען

וואָס זען? — מיר זעען נאָר בלויז קויל.

זייצעוו

ווייטער. — קוקט. — איר זעט, עס הויבט זיך אַ וואָלקן, עס
וויקלט זיך עפּעס פון שאָטן אַרויס — עס אַנטפּלעקט זיך —
וואָס דאָס, — קוקט, בערג - שפּיצן שטאַרצן פון טוי אַרויס —
בעזים-וועלדער שטאַרן אַ טומאַן אַדורך, זעט!

שטימען

אונזערע אויגן זענען בלינד — מיר זעען גאָרנישט. נאָר קויל.

זייצעוו

עס איז נאָך פאַרהילט אין מאָרגן-גרוי. — דערשמעקט עס מיט
דער נאָז — דערפילט איר נישט אַ פייכטקייט פון גראָז? נאַכט-
פאַרעס הויבן זיך איבער סטאַוון אויף. — דערשמעקט, דער-
פילט — ערד, מיר טרעטן אויף ערד!

שטימען

וואו... וואו...

זייצעוו

ווייטער, ווייטער — עס אַנטפּלעקט זיך אַ לאַנד פון נאַכט
אַרויס, ווייט און ברייט — אָ, עס גרינט זיך שוין אין מאָרגן-
גרוי, — מיינע פיס זענען באַדעקט מיט טוי. — מיינע אויגן,

מיינע הענט זענען פייכט. מיר זענען אויף פעלד, אויף פעלד.

א גרויסע באוועגונג

**שטימען**

רופן שוין

יאָ, יאָ.

**סעווערין**

שרייט אויס

מיינע פיס אין גרעזער איין. — קשאַקעס רינגלען מיך אַרום—
איז עס פאַרנאַכט, צי וואָס?

**שטימען**

יאָ. יאָ, מיר אויך.

**סלושאַ**

מיט גרויס פרייד

שוויגט, שווייגט, איך הער זשאַבעס קוואַקען אין אַ זומפ. —
איך דערפיל מיסט פון אַ קו, — ערגעץ-וואו מוז אַ פאַשע-
פעלד זיין, וואו אין דער נאָנט — „לאַנגעשין”, — צי וואָס?

**סעווערין**

באָזשע מוי! עפּעס וואָס שטאַרט מיך אין דער נאָז. — איך
דרעפּטשע אין אַ בלאָטע. ניין, עס איז אַ כלעבנע. — חזרים
קוויטשען. — כמאַראוואַקאַ — די היים. — באָזשע מוי — וואָס
איז דאָ?

**אנטאנס שטימע**

רייסנדיג זיך

וואו, וואו? — זאָגט וואָס —

**טאָני**

מיט פרייד

שטייט, שטייט! אַ באַרג, אַ ציפּריס-בוים, עס בלישטשעט אַ
ווייסע וואַנט פון אַ הויז. אויף דער שוועל שטייט אַ פרוי, פון
אַ שוואַרצער קאַפּע קוקט אַ געזיכט אַרויס... עס איז מיין מוטער
וואָס וויינט.



**שטימען**

רופן שוין מיט פרייד

זעט, זעט!

עס לייטערט זיך וואָס אַמאָל מער אויס און עס אַנטפּלעקט זיך אַ מאָדנע וועלט: — פעלדער, וועלדער, גערטנער, אַלע באַוואַקסן מיט תבואות און פרוכטן, נאָר אַזעלכע אויסטערלישע, וואָס אין לעבן זעט מען נישט. — ווי קוילן-אַרטיק, ווי געוויקסן, וואָס שמאַכטן אין מדבר, קאַקטוסן און קליינע איינגעדאַרטע נאָדל-ביימלעך. עס באַווייזן זיך אויך הייזלעך, נאָר די הייזלעך זענען ווי שוואָמען אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד. זייערע דעכער מיט מאָך און קאָרע באַוואַקסן. — אַ וואַסער, מיניאַטורן-אַרטיג, שלענגלט זיך אויך פאַר די הייזער. — אַלעס, ווי יאַפּאַנעזישע מיניאַטורן, נאָר וואָס שרעקט און באַפרעמדט אַממייסטן — איז די באַלויכטונג, די באַלויכטונג נישט פון טאָג און נישט פון נאַכט. — ווי פאַר אַ שטורם. קיין שטראַלן זעט מען נישט, דאָס ליכט האָט קיין שאָטן נישט, און די הייזער שטייען ווי קינדערשפּילעכלעך איינס נעבן אַנדערן. אַלע וואַרפן זיך אויף דר'ערד און שטרעקן די הענט אויס צו דער דערשיינונג — שטום, אָן ווערטער.

**סעווערין**

מיט פרייד און ערשטוינען

צי חלום איך, צי זע איך אויף דער וואָר?

**זייצעוו**

מיט פרייד

חברים, דער מדבר בליט!

**אַלע נאָך אים**

מיט פרייד

דער מדבר בליט!

**וועגסעלאַאוס**

קומט אָנצולויפן א צעיאכמעטער

וואָס טאָן — ברודער זייצעוו, זאָג!

**אַנטאָן**

מיר באַדאַרפן שיקן מענטשן אויסשפּירן דאָס לאַנד, וועלכעס
איז פאַר פאַשע גוט, וואָס פאַרן אַקער, און וואָס פאַר דער
קו.

סלושא

איך האַלט מיט הראַמאַדע, וואָס הראַמאַדע וועט זאָגן, וועט זיין געטאָן.

סעווערין

נישט געאיילט און נישט געיאָגט. מען באַדאַרף וויסן, ווען און וואָס, וויפל פעלד און וויפל וואַלד. נאָך די קעפ באַשטימען דאָס לאַנד, עס מוז אַלעס מיט אַ סדר זיין.

סלושאַ

געווים, פון איילן קומט קיין גוטס נישט אַרויס.

אַנטאָן

אויסמעסטן באַדאַרף מען יעדן זיין טייל, וויסן וואָס איז מיין, און וואָס איז דיין. ציען אַ שנור, שטעלן אַ פלויט.

ווענסעלאַאוס

יאָ, טאַקע אַזוי׳ צום טערק, ווייזט אים אָן דו זעסט דעם באַרג דאָ, וואו עס וואַקסט דער ציפּריס-בוים — דאָס וועט זיין מיין, פון ציפּריס ביז צו דער זילבער-סקאַלע וועט מיין גרענעץ זיין, איך וועל מיר אויפשטעלן אַ פאָן.

טערק

איך בעט דיך איבער טויזנט מאָל. די סקאַלע איז טאַקע דיין, דער ציפּריס איז מיין. — וואו ציפּריסן וואַקסן, דאָרט איז שוין טערקיי. ביידע אמפערן זיך צווישן זיך.

טאָני

רייסט זיך צווישן זיי אַריין

מיינע פריינט, בחנם געאַמפּערט, בחנם געשפּאַרט — אַלעס איז מיין. סקאַלע און ציפּריס — גוט פאַרן ווייַן.

אין אַן אנדער גרופּע

סעווערין

און איך וועל מיר נעמען דעם טייל אין טאָל. איך האָב ליב, עס לויפט אין דער נידער אַריין. ביי אַ טייך — אַזוי ווי אין דער היים — מיין גרענעץ וועט אויף יענער זייט זיין, ביים טאָפּאָלן-ראָוו.



סלושא

דאָס איז שוין נישט שיין. מיר זענען טאַקע שכנים אַ פּאָר — נאָר דער טייך איז מיין. זעסטו נישט, צי וואָס? עס גייט אין מיין גרענעץ אַריין, — ביז צום וועלדל העט, וואָס באַלאַנגט צו אונז ביידע.

אַנטאָן

ניין, ניין — דאָס וועלדל איז מיין. אמפערן זיך צווישן זיך.

אַ שטימע

דאָס, ברודער, וועט נישט גיין. אַלעס מוז צו דער הראַמאַדע זיין. — צו קיינעם טאָר נישט געהערן אַ שישקע פון אַ בוים, אַ האָר פון אַ ווידל. — אָרעם און רייך מוזן זיך טיילן גלייך.

זיי אמפערן זיך.

זייצעוו

לאכט

כאַ, כאַ, כאַ, ווי דאָס האָט זיך אַביסל צוקריגט. נאָך נישט דערשפּירט דעם געשמאַק פון דער ערד — און דאָס קריגט זיך שוין איבער זיינע גרענעצן. האַלט, ברידערלעך, דעם אַפּעטיט איין.

די פויערן לויפן און כאפן זיך יעדער זיין טייל

סעווערין

די כאַטקע וועט זיין מיין — זי שטייט אין טאָל.

סלושא

און די איז מיין — אַרום איז אַ סאָד, דאָס איז שיין.

אַנטאָן

לויפט צו און כאפּט טאָניס חלק — וואו עס וואַקסן ציפּריסן.

טאָני

ניין. יאָגט אים אוועק דו זעסט נישט — צי וואָס, דאָ וואַקסט טייטלען, ווייַן. דאָרטן וואַקסט קרויט. ער ווייזט אים אויף אַן אנדער פעלד.

דער יאַפּאַנער

קומט פון זיין הייזל ארויס. ער איז שוין אין גאנצן באוואקסן מיט א לאנגער באָרד, ווי א ווילדער טייוול-גאָט. האַלט אין אָרעם זאנגען-רייז.

זעט, זעט. פאַר דער טיר ציען זיך פעלדער מיט רייז ביז
אין שטוב אַריין – וועט דאָס צו עסן זיין. כי, כי, כי.

**ד ע ר ג ר י ך**

קומט נאך נאך אים מיט ארעמס פול מיט קוקורוזע

פאַר מיין הויז וואַקסט קוקורוזע אַ פעלד. זעט דעם ווייץ,
הונדערט קערנדלעך אין אַ בעזימל, איינס און איינס. דיק ווי
אַ נוס, עס גיסט זיך דערפון דער מאַלץ, איך האָב שוין אַ מויל
מיט וואַסער פול. — ווער האָט דאָס געגעבן אַזוינס?

**ט אָ נ י**

שטופט אים אוועק

מענטשן, הערט, אַ גאַנצער וואַלד פון איילבירטן אויסגעוואַקסן
פאַר מיין שטוב. נישט פאַראַקערט, נישט פאַרזייט, אַזוי ווי
עס שטייט, אַזוי ווי עס גייט – געוואָרן פון זיך אַליין. זעט
דעם אייל, זעט דעם האָניג. אָ, וועט זיין מיט וואָס די לאָקשן
צו באַפעצן. וואָס באַדאַרף מען מער, וואָס? איך בין נאָר
אַ בעלן צו וויסן, וואו עס וואַקסט דער וויין – עס זאָל נאָר
דעם האַלז צו באַגיסן זיין.

**ס ל ו ש א**

וועלכער איז אין גאנצן באוואקסן געווארן מיט וואל און האר, ווי א סטראשידלע — האלט אין ארעם א פאר קעפלעך קרויט, קארטאפלעס, ברויט, וועלכע ער דריקט צו זיין הארץ מיט גרויס ליבע צו

מענטשן גוטע, מענטשן האַרציגע, זעט די קאַרטאָפלעס, — זעט
דאָס קרויט. ביי אונז אין דער היים נאָר אין לאַנגעשין,
וואַקסט דאָס ער ווישט זיך די טרערן פון די אויגן מיט פרייד אַזעלכע
ליבע – אייגן ברויט ער קושט די קארטאפל אַ קערצל אַ גאַנץ אין
אַ לאָך. הונדערט לייבלעך אויף אַ קרויט. זעט ווי עס שיילט
זיך, ווי פלייש. זעט, ווי עס ברעכט זיך, אַזוי ווי ברויט. —
אַז איך האָב עס דערזען אַרויסשטאַרצן פון דער ערד – האָט
עס מיר געגעבן אַזאַ צופּ ביים האַרץ, אַז איך האָב געוואָלט
אויסשרייען: יעזוס מאַריע! וועט, גאָט צו דאַנקען, זיין צו עסן
פאַר דעם מענטשן און פאַר דעם פי. יעזוס זאָל נאָר געבן,



אַז די חזרימלעך זאָלן זיך גוט אויסבריען – וועט שוין נישט
צוזאָרגן זיין וואָס.

**ס ע ו ו ע ר י ן**

וועלכער איז געקומען נאך אים, באוואקסן האלב אין פעל, ווי א רוסישער בער, שלעפט די פיס, טראגנדיג אין זיינע הענט זאנגען ווייצן, ביטנלעך קארן

סלושא, ברודער, אויסגעוואַרט זיך אַ צייט פאַר דעם מענטשן,
דעם אָרימאַן. וואו דו גייסט און וואו דו שטייסט, דרעפּטשעסטו
אין ברויט, אַזוי ווי די בהמה אויף דער פּאַשע אין זומער-
צייט. ווייסט נישט, וואו פריער צו שטעקן די נאָז – צי אין
קאָרן, צי אין ווייץ – פאלן זיך אין די ארעמס, און צווייגען זיך פאר
פרייד.

**אַ נ ט אָ ן**

אַ צעיאַכמערטער, מעסט דאָס פעלד ארום מיט אַ שטריק — שרייט

אַלעס דאָס איז מיין, אַלעס איז מיין.

**ס ע ו ו ע ר י ן**

עס וועט זיין פאַר אַלע גענוג – וואו איז זייצעוו, ברידער?–
זעט, ער שטייט דאָרט גאָר אַליין. ער קומט צו צו זייצעוון זייצעוו,
ברודער ער נעמט אים ארום אַלעס איז וואָר – וואָס דו האָסט
אונז פאַרציילט. – ער האָט אונז אין דעם לאַנד אַריינגעבראַכט.
אייגענער דו, – זע, ווי דאָס פאָלק פרייט זיך מיטן ברויט.—
אָבער וואָס שטייסטו גאָר אַזוי אַליין און זאָגסט קיין וואָרט –
וואָס איז מיט דיר?

**ז י י צ ע ו ו**

איך זוך די זון. אַלעס איז דאָ, ברויט, קרויט, וויין. נאָר
וואו איז די זון, פאָטערל סעווערין? – צי האָט זי זיך באַ-
האַלטן, וואָס?

**ס ע ו ו ע ר י ן**

געפונען אַ צייט צו קלערן וועגן דער זון. – דו קלער בעסער
וועגן דיר, די פויערים כאַפן אויס די ערד. – יעדער זיין
טייל – וועט באַלד נישט בלייבן פאַר דיר.

**זייצעוו**

איך האָב מורא, אַז עפּעס איז נישט רעכט — איך בין אַ בעלן צו וויסן, פון וואָס פאַר הענט עס איז געגעבן.

**אַנטאָן**

מיר איז דאָרט אַלץ איינס — ווער עס האָט געגעבן, דער זאָל זיין געלויבט.

**זייצעוו**

אָבער זע, אין וואָס פאַראַ הילוך דו גייסט, — ווי דער טייוול אויפן דאַך.

**אַנטאָן**

וואָס איז דער חילוק, ווי דער אָרימאַן גייט אָנגעטאָן, אַבי עס איז אים וואַרעם — ווער קוקט זיך דען אויף אים סיי ווי סיי אַרום ?

**זייצעוו**

עפּעס וואָס געפעלט מיר נישט. עפּעס וואָס קומט מיר נישט אויס גלייך — אָן געאַקערט און אָן געזייט.

**אַנטאָן**

פאַר דעם אָרימאַן, אַ באַלוינונג פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין נויט.

**גריך**

דאָס איז גערעדט.

**סלושאַ**

איך בין נאָר אַ בעלן צו וויסן — וואָס דאָס פאָלק וועט איצטער טאָן. — דו קענסט דיר אַרומגיין מיט פאַרלייגטע הענט אַ גאַנצן טאָג, האָסט נישט וואָס צו זאָרגן וואָס, נאָר אָפן האַלטן דאָס מויל, — אַז די פלוימען זאָלן דיר גלייך אין פיסק פאַלן — כאַ כאַ כאַ, וואָס וועט דער מענטש טאָן וואָס?

**גריך**

איך וועל שלאָפן גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס מען האָט געמוזט זיך אויפהויבן אַזוי פרי. איך וועל שלאָפן, ווי לאַנג איך וויל, ווי לאַנג מיך גלוסט—



ביזן ווייטן טאָג אַריין. אָט אַזוי וועל איך מיר אויסציען מייַנע ביינער. — קיינער וועט איבער מיר קיין האַר נישט זיין.

**טאָני**

ווייס איך שוין, וואָס בעסער צו טאָן. — איך וועל מיר מייַנע גיטאַרעס אויספוצן מיט בענדער פיל — און פאַר יעדן פענסטער סערענאַדעס זינגען. — ער זינגט און שפילט אויף דער גיטאַרע איך וועל די ווייבער אין די גערטנער נאָכלויפן — אין די כאַלופּעס זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט — און באַלמוטשען זיי אויף שטיק.

**סלושא**

און איך וועל זיצן אויף דער שוועל פאַר מיין טיר, די לולקע רויכערן און לאַפּקעס נייען. נייען וועל איך לאַפּקעס פאַר אַלע פייגעלעך אָנצוטאָן. פאַר אַלע פייגעלעך, פאַר אַלע טייבעלעך, וואָס לויפן אין גאָרטן אַרום. יעדער טאָג וועט — זונטאָג זיין. אָ, יעזוס, מאַריאַ!

**יאַפּאַנער**

און איך וועל זיצן גלאַט אַזוי. קוקן, הערן — הערן און קוקן. גלאַט אַזוי און גלאַט אַזוי. — כי, כי, כי!

**סעווערין**

און איך וועל מיר די באָרד אויסקעמען — איין מאָל אַהין, איינמאָל אַהער. אַ וואָנסע אַרויף — אַ וואָנסע אַראָפּ. די האָר מיט חזיר-שמאַלץ אויסשמירן און פאַר די הייליגע בילדער זיך בוקן.

**טערק**

איך וועל פלאַשן-לולקעס רויכערן און קאַווע טרינקען. די ווייבער וועלן טאַנצן און איך וועל קוקן. — דאָס וועט זיין מיין צייט-פאַרטרייב! אַלע לאַכן מיט פרייד

**סלושא**

עס וואָלט נאָך געווען, מיט וואָס די קעל נאַס צו מאַכן — וואָלט שוין אונז קיין זאַך נישט געפעלט. איך זאָל נישט זינדיגן פאַר די רייד — דער מענטש באַדאַרף דעם גאָרגל זיך

אַדורכצושווענקען, אָן דעם טראָפּן נעמט דיך קיין שום עסן נישט.

**טאָני**

דאָ רינט אַ טייך פאַר דעם הויז. אפשר, ווער ווייסט, דער וואָס האָט געגעבן דעם ביסן, דער וועט אויך געבן דעם געטראַנק *אַנטאָן בייגט זיך צו צום טייך, נעמט אַ שלוק — בלייבט אַ מינוט שטיין—און רופט אויס מיט פרייד* חברים — דער טייך רינט מיט ווייַן!

*די פויערים וואַרפן זיך צום טייך*

**אַנטאָן**

ניין, מיט היימישן ספּירט.

*אַלע טרינקען מיט פרייד*

**סלושא**

*צעוויינט זיך פאַר פרייד*

אָ, דאָ רינט ער פאַרן הויז. מענטשן זיסינקע, מענטשן טייערע, די קוואַלן זענען מיט אָקעוויט פול, *צו סעווערין* ברודער סעווערין, וואָס פאַרא לעבן וועט איצט זיין?

*פאַלט אים אין די אָרעמס און צעוויינט זיך פאַר פרייד*

אָן דעם גראָשן אין טאַש – שטעק נאָר דעם פּיסק צום רינשטאָק אַרויס – און כלופּע דיך אָן, וויפל דו ווילסט, – ווער האָט דאָס אונז אַזאַ גוטס געטאָן?

**סעווערין**

*צעוויינט זיך פאַר פרייד*

ווער האָט אונזערע נויטן אַזוי געוואוסט? ווער האָט פאַרשטאַנען אַזוי אונזער האַרץ?

*אַלע וויינען און קושן זיך. דער עולם כאַפּט פון קריג – טרינקען זיך אָן, פרייען זיך, קושן זיך און טאַנצן*

**זייצעוו**

*כאַפּט זיך אויף*

חברים – דאָ איז עפּעס נישט גוט. אָן פּראַצע איז נישטאָ קיין גליק – אָן שוויס נישטאָ קיין פרייד.

**סעווערין**

*מיט שרעק צו זייצעוון*

וואָס מיינסטו, ברודער זייצעוו?



**זייצעוו**

איך ווייס נישט, פון וואָס פאַר הענט דאָס קומט. – אָבער עס שטעקט נישט נאָך די פאַרשאָלטענע קויל אין דערין?

**אַנטאָן**

מיר איז דאָרט אַלץ איינס, פון וואָס פאַר הענט דאָס קומט, דער אָרימאַן האָט נישט קיין צייט צו קלויבן – דער וואָס גיט אים דאָס שטיקל ברויט, דער איז זיין האַר סיי ווי סיי.

**גריך**

דער גריך זאָגט דאָס זעלבע, וואָס דער רוס. – דער אָרימאַן האָט נאָר צו געהאָרכן, נישט צו ווילן. – ווען ער וואָלט געקענט טוישן – וואָלט ער דער ערשטער זיין מזל געטוישט – האָב איך רעכט, צי ניין?

**זייצעוו**

ברידער, חברים – קוקט זיך אַרום *ער ווייזט זיי אויפן טונקעלן געוועלב* די וועלט האָט קיין הימל נישט – דאָס לעבן האָט קיין שיין– אַלעס איז פאַרמאַכט אין איין פינסטערער גרוב. – *אַלע קוקן זיך אַרום – און אַנטדעקן די פינסטערניש*

**סעווערין**

*ערשטוינט*

מיר האָבן קיין הימל נישט איבער אונזער קאָפּ. נישטאָ צו וועמען צו בעטן אין אַ שעה פון נויט!

**אַנטאָן**

וואָס טויג אונז דער הימל – אַז די ערד איז צו אונז גוט – האָבן מיר פון דעם הימל אַ סך געהאַט, ווען מיר זענען געווען אין דרויסן אויף דער פריי? – דער הימל איז פאַר די רייכע גוט. ווער עס גיט אונז די שיין – די איז אונזער זון סיי ווי סיי.

**זייצעוו**

*רופט*

ברידער, מענטשן, נישט דאָס איז דאָס אַ שכר פאַר אַלדעם פּיין. די וועלט האָט אַן ענד. זי האָט אַ גרענעץ, און איר האַקט זיך אָן אין די ווענט. די וועלט האָט קיין הימל נישט –

צו וועמען אויסצושטרעקן דעם האַלז — אַ געוועלב איבער
דעם קאָפּ. אַ געפּאַנגנשאַפט פאַרן גוף, — מיר זענען אין אַ
גרוב. — בײ וועמענס מאַכט אין די הענט — אַרויס פון דאַנען
געשווינט. איך וועל גײן אויסזוכן אַ וועג צו דער זון. מיר מוזן
האַקן ווייטער די וואַנט. ער כאַפּט די האַק — און לויפט אָפּ, צו זוכן אַ וועג.
אַ גרויסע באַוועגונג — איבעררעשונג, שווייגן

אַ נ ט אָ ן

שרײַט צו די אַרומיקע

זאָל אָפּגעבן זײַן ברויט ווער עס וויל, איך טו עס נישט אַזוי
לײַכט ער דריקט זיינע שפּײַזן צו זײַן האַרץ גענוג זיך אויסגעקוקט דע-
רויף אַלע יאָרן פון נויט, קוים זיך נאָך גענוג אָנגעשמעקט —
הייסן זײ עס שוין לייגן פון דער האַנט. — ווי אַ גנבה פון
אַ גנב. אַ רוח זאָל נעמען אַלע פײַנע לײַט — פּפוי!

ס ע וו ע ר י ן

גוטע מענטשן, האָט איר אָבער געקלערט דעריבער — וואָס
קען טאַקע דאָס אַלעס זײַן? — איך זאָל נישט זינדיקן פאַר
די רייד, וואָס פאַראַ רוחות עס שטעקן אין דערין — אַז מען
טראַכט זיך אַזוי אַרײַן, נעמט דאָך אָן אַ שרעק.

ס ל ו ש א

וואונדערלעכע זאַכן געשען הײַנט.

ס ע וו ע ר י ן

זאָג דו, וועמען צו דאַנקען פאַר אַלדאָס גוטס. אַ מענטש מוז
דאָך האָבן אַ האַר איבער זיך. וועמענס נאָמען אָנצורופן אין געבעט.

ס ל ו ש א

פאַר וועמען צו פאַלן צו די פיס, וועמען צו קושן די
האַנט, אָן דער רוט פון דעם „פּאַן“ קען קיין וועלט נישט זײַן.

ש ט י מ ע ן

דאָס איז גערעדט צו דער זאַך. זאָג דו, אַנטאָן ברודער, פון
וועמענס כוח דאָס קומט אַלעס צו גיין? — ווער איז אונזער
האַר אַצינד?

אַ נ ט אָ ן

אפשר איז עס די קויל. — וואָס איז דער חילוק דען, פון



וועמען מיר קריגן אונזער ברויט. — איך זאָג נאָר איינס, אַז
דער וואָס גיט, — דער זאָל זײַן געלויבט. — האָב איך רעכט,
צי ניין?

ש ט י מ ע ן

וואָס איז דער חילוק דען — אַז דו זאָגסט די קויל — זאָל זײַן די קויל.

אַ נ ט אָ ן

די קויל באַדאַרף מען מאַכן פאַר גאָט. זי, די קויל, באַדאַרף
מען שטעלן אין הייליקן בילד אַרײַן. פאַר איר באַדאַרף מען
ברענען אַ ליכט.

ש ט י מ ע ן

אַז דו זאָגסט די קויל — זאָל זײַן די קויל געלויבט פאַר אַלעם
גוטס, וואָס זי אונז טוט.

ס ל ו ש א

צו סעווערין

פאַרוואָס נישט? אונז איז אַלץ איינס, ווער עס איז דער „פּאַן“,
אַבי ער גיט אונז דאָס שטיקעלע ברויט — נעמט מען אַראָפּ
פאַר אים דעם הוט.

ס ע וו ע ר י ן

לאָמיר ברענען אַ ליכט פאַר דער קויל — און בעטן צו איר
אַ געבעט. זיי נעמען אַ שטיק קויל און שטעלן עס אַוועק. — ברענען דערפאַר
אַ ליכט — און קניען פאַר איר צו דר'ערד

אַ נ ט אָ ן

חברים, פרײַנט, וואָס טויג אונז דער הימל, אַז די ערד איז
צו אונז גוט. האָבן מיר פון דעם הימל אַ סך געהאַט — ווען
מיר זענען געווען אין דרויסן אויף דער פרײַ? ווער עס גיט
אונז די שײַן, דער איז אונזער זײַן. רעכט, צי ניין?

ש ט י מ ע ן

רעכט, ברודער אַנטאָן.

אַ נ ט אָ ן

די קויל דערנערט אונז, די קויל גיט אונז וואַרעמקייט, זי
גיט אונז ליכט, זי איז אונזער מוטער. מיר אַלע זענען גע-

קנעטן פון איר טייג. מיר זענען אירע קינדער ביז אין אַלע אייביקייטן אַריין.

ד אָ ס  פ אָ ל ק

נאָך אים

מיר זענען אירע קינדער ביז אין אַלע אייביקייטן אַריין.

אַ נ ט אָ ן

בעטנדיג פון דער קויל

זי האָט אונז פון אַלע נויטן באַפרייט. ווער האָט אַזוי גע־וואוסט פון אונזער פיין? זי זעטיגט אונזערע באַדערפעניש־ן ביי אונזער זיין — און נעמט אונז צוריק צו זיך אַריין. — מיר ברענען מיט איר אין איר פייער — און מיר לעשן זיך אין איר אַש. מיר זענען אַ טייל פון איר — און זי אַ טייל פון אונז — מיר זענען גאָרנישט מער, נאָר קויל.

ש ט י מ ע ן

קויל, קויל — קויל.

אַ נ ט אָ ן

די קויל האָט אונז פון אַלע האַרן באַפרייט. זי האָט אונז אויפגעבונדן די הענט, — נישטאָ קיין האַר, נישטאָ קיין קנעכט— אַלע זענען מיר פאַר איר גלייך. נישטאָ קיין האַר, נישטאָ קיין געזעץ — אַלעס איז מיין און אַלעס איז דיין — אַלעס מעג מען — אַלעס איז ערלויבט — געלויבט זאָל זיין די קויל.

ד אָ ס  פ אָ ל ק

הינטער אים

געלויבט זאָל זיין די קויל!

ט ע ר ק

צו אנטאָנען

ברודער אַנטאָן — בעט צו דער קויל. מיר האָבן ברויט, מיר האָבן ווײַן — טרויריג איז צו לעבן אָן דעם ווייב — אַז עס זאָל זיין, מיט וועמען אין בעט צו גיין.

פ אָ ל ק

ברודער אַנטאָן, בעט צו דער קויל — נאָכן ווייב.



אַ נ ט אָ ן

דו, וואָס דו האָסט געגעבן דעם ביסן און דעם געטראַנק, גיב אונז דאָס ווייב!

פון דערווייטנס באַווייזן זיך געשטאַלטן, ענלעך צו פרויען, גרויס און אומגעלומפערט, בהמה- און חיה-אַרטיג, גייען און שאַרן ווי סטאַדעס בהמות. — נאַקעטע, מיט פינ־קלדיגע לייבער פון קויל-שטראַלן. די מענער שטייען און קוקן אויף זיי מיט שרעק און פרייד.

אַ נ ט אָ ן

קוקט אויף די ווייבער מיט פרייד

ווער האָט אונז אַזעלכע געזונטע ווייבער געשיקט, האָבן מיר דאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעלכע. זעט ווי שטרענג די בריסטן, ווי פול די בייכער. — זעט, ווי זיי זענען אויסגערוט, אויס־געשלאָפן, — אויסגעפיטערט, ווי די קי.

ג ר י ך

זענען מיר דאָך שטענדיג געוואוינט געווען צו זען אונזערע אין מיסט און דרעק. מיט באַשמוציגטע הענט און פיס. — אויס־געגנאָגטע בריסטן, געלע פנימער, מיט קללות אויף די ליפן.

ט אָ נ י

זעט, ווי זיי גלאַנצן, זעט, ווי זיי שיינען — זעט, ווי זיי זענען אויסגעפוצט.

ט ע ר ק

מיט פרייד

פון פאָרנט שטאַרק, פון הינטן פעט. — באַלייגט מיט אַלדינג גוטס.

י אַ פּ אַ נ ע ר

כי, כי, כי — עס איז גוט.

ט אָ נ י

איך וועל מיר נעמען די, און די, און די.

ט ע ר ק

דאָס וועט נישט גיין, ווײַבער געהערן צום טערק אין האַרעם אַריין.

צמפערן זיך.

גריך

ברודער אַנטאָן, מען באַדאַרף מאַכן אַ געזעץ, אַלע ווייבער פאַר אַלע מענער -- אַלע מענער פאַר אַלע ווייבער צוגלייך.

אַנטאָן

דאָס איז רעכט. פאַר דער קויל, ווי פאַרן שטויב, זענען מיר אַלע גלייך.

יאַפּאַנער

*מיט פרייד*

כי, כי, כי.

סלושא

*שטופּט סעווערינען*

וואָס זאָגסטו, ברודער, דערצו?

*מענער און ווייבער מישן זיך אויס אין אַ פאַרשופטן אויסגעלאַסענעם קאַראַהאָד מיט פרוכטן און תבואות אין די הענט.*

זייצעוו

*נאָך פון דערווייטנס.*

מענטשן, מענטשן, — נאָך מיר, נאָך מיר — איך האָב געפונען דעם וועג צו דער זון!

*זיי הערן אים נישט, פאַרנומען אין אויסגעלאַסענעם טאַנץ. זייצעוו קימט אָן צו לויפן מיט פאַרבלוטיגטע הענט — פאַרשוואַרצט פנים -- דערזעט די אויסגעלאַסנקייט מיט די פרעמדע ווייבער. — בלייבט ערשטוינט פון דערווייטנס. — רופט ענדלעך אויס מיט אַ ווילד קול.*

מענטשן, וואָס טוט זיך? זענט איר פי? — ווער האָט אייך אַזוי פאַרוואַנדלט?! *זיי באַמערקן אים איצט -- און פרואוון אים מיט אַריינצושלעפּן אין קאַראַהאָד. די לאַכנדע ווילדע שטים פון אַלטן*

סעווערען

אָ, זייצעוו, ברודער, אייגענער, זע, וואָס מיר האָבן אַלעס פיל, ס'רינט איבערן פיסק.

זייצעוו

*שרייט פאַרביטערט*

מענטשן, וואָס טוט זיך מיט אייך — זעט, וואָס האָט אויס אייך געמאַכט די קויל — איר פרעסט קוילן-ברויט. איר זעט



קוילן-ליכט, איר שלאָפט מיט קוילן-ווייב. — איר זענט פאַרהאַקט, פאַרקנאַקט אין אַ פינסטערער גרוב. נאָך מיר קומט, געשווינט. — איך האָב געפונען אַ וועג צו דער זון — דאָרט ווייטער קלאַפּט דער מענטש צו אונז, ער רייסט זיך אַריין — הערט איר דען נישט דאָס קלאַפּן פון די האַמערס אין דער קוילן-וואַנט. דער ברודער מענטש רופט, נאָך אַ מינוט, נאָך צוויי, נאָך מיר — געשווינט.

סעווערין

אָבער וואוהין? זייצעוו, דו האָסט דאָך אונז אַליין געבראַכט דאָ אַהער. דאָס איז דאָך דאָס לאַנד, וואָס דו האָסט אונז צוגעזאָגט, פון וועלכן דו האָסט אונז אַזוי פיל דערציילט. אונזער פינסטערע נאַכט האָסטו באַלויכטן מיט זיין ליכט, אונזער הונגער האָסטו געקאָרמעט מיט זיין ברויט, און איצט, אַז דו האָסט אונז געבראַכט אַהער, אַז עס איז וואָר געוואָרן אַלץ, וואָס דו האָסט אונז דערציילט — ווילסטו אונז אַוועקפירן פון דאַנען! פאַרוואָס, זייצעוו ברודער? — איז דיר נישט אַ שאָד דאָס אָרימע פאָלק? — זע, ווי דאָס פאָלק פרייט זיך מיט דעם ברויט!

זייצעוו

אָבער, פאָטער סעווערין, נישט דאָס איז דאָס לאַנד, פון וועלכן איך האָב אייך דערציילט. יענץ לאַנד האָט ליכט, האָט הימל — האָט זונען-שטראַל. דאָס איז פינסטער, — נאַכט, קויל — איר שטינקט מיט קוילן-געשטאַנק. — ווי די ווערים, ווי די מייז וועט איר קריכן באַלד אויף אַלע פיר. קומט מיט מיר — פאַרלאָזט די קוילן-גרוב, וואָס האַלט אייך, ווי די מולן געפאַנגען מיטן שטיקעלע ברויט. איך וועל אייך ברענגען צו דעם טאָג צוריק — צו דער זון. געדענקט איר דען נישט די לאָנקעס די גרינע, געדענקט איר דען נישט דעם ווייסן שניי? — מיט מיר, ברידער, אַוועק פון דאַנען — דאָ איז נאַכט, דאָ איז טויט. — צו דער זון! צו דער ליכט!

אַנטאָן

צו דער זון, צו דער ליכט! — פיל שונאים האָט דער אָרי-

מאַן. איינער קומט אין נאָמען פון גאָט, דער צווייטער אין נאָמען פון דער זון. קיינער פאַרגינט נישט דעם אָרימאַן דאָס שטיקעלע ברויט – אַלע ווילן זיי אים פאַרטרייבן פון טיש. טראַכטן אויס געטער – אידעאַלן, אַבי צו האָבן אַ קאַנטשיק, מיט וואָס צו שמייסן אונז. פאַרשאָלטן זאָלן ווערן די שמייסערס – אין וואָס פאַראַ נאָמען זיי טוען דאָס נישט. – „פּאַנעס" זענען זיי אַלע סיי ווי סיי.

**ט אָ נ י**

אַנטאָן האָט רעכט. קוים דערלעבט די צייט, נאָך קוים זיך אָנגעגעסן צו דער זעט, נאָך נישט ריכטיג זיך אָנגעשמעקט דערמיט – און זיי זענען שוין מיט די באַטעקעס דאָ, צו פאַרטרייבן אונז פון דעם טיש, ווי דעם הונט!

**ג ר י ך**

און וואָס האָבן מיר פון דער זון געהאַט? – ווי דער מויל-אייזל – שטענדיג בלינד.

**ס ל ו ש א**

צו סעווערין

וואָס איז וואָר – דאָס איז דאָך וואָר, אַז עס איז זונטאָג געקומען – געלעגן אין קאָרידאָר מיט פאַרמאַכטע שליפּעס און געוואַרט נאָר דעם מאָנטאג אויס. – געדענקסטו דען נישט, שכן?

**ס ע ו ו ע ר י ן**

דאָס ווייב געמוזט האַלטן די לאָדנס פאַרמאַכט, אַ גאַנצן טאָג, עס זאָל זיין נאַכט.

**ג ר י ך**

אפשר האָט זי פאַר די רייכע געשיינט – פאַר אונז איז זי שטענדיג בלינד געווען.

**ט ע ר ק**

ווי אַ טשוואָק אין דער וואַנט, נישט אַמאָל ווי אַ האָק אין אַ בעלקע – אַז זי האָבן דיך געוואָלט – אַזוי האָבן זיי דיך געטוישט.

**י אַ פּ אָ נ ע ר**

כי, כי, כי. – און אַלץ פאַרן קאַרגן ברויט – עס איז דאָך שוין בעסער דער טויט.



**ש ט י מ ע ן**

פון אַלע ווינקלען ארויס אין א גרויס געשריי

מיר ווילן נישט קיין זון, מיר ווילן ברויט, ברויט, ברויט!

**ז יי צ ע ו ו**

דער מלחמה-געשריי פון דער קויל. איך בין אייך געקומען רופן צו אַ לאַנד אַ פרייען, וואָס ליגט אויף יענער זייט מויער. איך בין אייך געקומען רופן צו דעם טאָג דעם יונגן, דעם נייעם, וואָס הויבט זיך אָן פון דער צווייטער זייט. – איך בין אייך געקומען רופן צו זיך אַליין – צום מענטש, וואָס שטרעקט זיך אויס צו אייך אויף יענער זייט – און איר ווייסט נישט מער, נאָר ברויט – שקלאַפן וואָס איר זענט, ווי דער מויל-אייזל אין פינסטערן קוילן-קאָרידאָר. נישט קיין פרייע מענטשן – קינדער מיט דעם קאָפּ פאַריסן אין דער הויך, מיט די אויגן געווענדט צום ליכט – ווען אַפילו דאָס לייב איז צו דער קויל צוגעשמידט. – גאָרנישט מער, נאָר שטיקנדיגע קויל – קויל געהערט צו קויל.

**אַ נ ט אָ ן**

וואָס האָט ער צו רעדן צו אונז אַזעלכע רייד? – מיר זענען נישט קיין שקלאַפן דאָרט, וואָס יעדער איינער קען אונז שמייסן מיט דער רוט. מיר זענען פרייע בירגער – ער האָט באַליידיגט זיין מאַיעסטעט – דאָס פאָלק. עס זאָל אים נישט געשענקט זיין!

**ט אָ נ י**

ברודער אַנטאָן האָט רעכט. – וואָס קומט ער צו מיטן קאַנטשיק אין דער האַנט, פאַרטרייבן באַדאַרף מען אים פון דאַנען, ווער עס זאָל נישט זיין!

**ש ט י מ ע ן**

שרייען פון אַלע ווינקלען

מיר ווילן רוען, רוען.

**אַ נ ט אָ ן**

פאַרטרייבן באַדאַרף מען אים פון דאַנען, מיט שטעקנס פאַריאָגן, ווי דעם הונט, וואָס קומט אונז שטערן.

**אַנדערע**

וואָס לאָזט אונז נישט געניסן.

**טערק**

ער האָט אונז שטענדיק געשלעפּט צו אומבאַקאַנטע לענד׳ר,
וואָס מיר האָבן נישט געוואוסט.

**גריך**

ער האָט אונז קיינמאָל נישט געלאָזט צורו!

**אַלע**

וואַרפן זיך אויף זייצעוון

אַוועק פון אונז. מיר ווילן רוען, מיר זענען מיד!

**זייצעוו**

גייט איר נישט מיט — גיי איך אַליין. איינזאַם שטייט דער מענטש — און האַקט די וואַנט יעדער איינער פאַר זיך אַליין.

די סצענע ווערט פאַרוואַנדלט און אַנטפּלעקט זיך, ווי ענדע צווייטן אַקט. די מענטש ליגן אַלע, ווי פּגרים, אויסגעצויגן, פאַרוועגדזלט און פאַרשטיקט. זייצעוו שטייט אײ־נער אַליין און האַקט אין דער וואַנט פון דער קויל מיט די לעצטע כּוחות. ראַנגלט זיך מיט די כּוחות און גאַזן, וואָס שטיקן אים. וואַקלט זיך, אָבער ער שטייט אויף די פיס — און האַקט די וואַנט. רעדט, ווי ער וואָלט זיך מיט ווּעמען געראַנגלט:

גיין, נישט קיין קוילן-קנעכט. אַ צוועק פאַר זיך אַליין. — איך בין דאָס לעבן מיט טויזנט קעפּ, איך בין דער אָנהויב — אָבער נאָך נישט די ענד. — וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ טויטער שטיין? — איך בין דער שליידערער אַליין. איך וואַרף און איר פאַלט. — נאָך נישט בין איך קויל — איך בין דער מענטש. אָט באַלד, אָט שוין.

ער וואַקלט זיך, די גאַזן שטיקן אים וואָס אַמאָל מער, ער פאַלט צו דער ערד און הויבט זיך, ראַנגלענדיג זיך מיט זיי, אַרויסטעמענדיג מיט אַלע כּוחות, און האַקנדיג ווייטער אין דער וואַנט

שטיקנדיגער עלעמענט, פייערדיגער געשטאַנק, ווי די ווילדע הינט, האַלט איך אייך אין די רינגען געפאַנגען — איך בין דאָס קינד פון דער זון — כאָטש אין געפאַנגענשאַפט ביי אייך. — די זון איז אין מיין האַרץ אָנגעקניפּט און איך צי מיך צו איר.

ביים לעצטן וואָרט גיט ער דעם לעצטן קלאַפּ, פון וועלכן עס פאַלט אַרויס די שטיק קויל, אויף וועלכער ער פאַלט מיט די לעצטע כּוחות. פון דער עפענונג רייסט זיך



אַריין אַ שטראָל ליכט, מענטשן מיט ברענענדיקע ליכטלעך אויף די היט קריכן אַריין
דורך דעם לאָך, טאַפּן די טויטע, הויבן זיי אויף — זיי פאַלן צוריק.

**איינער**

טאַפּנדיג די טויטע פּגרים

אַלעס איז שוין קויל!

**אַ צווייטער**

געפינענדיג זייצעוון אויף דער וואַנט

דער האָט נאָך לעבן אין זיך, געשווינט הילף!

## דראַמאַטישע ווערק פון שלום אש

### געזאַמלטע שריפטן

### ביבלישע דראַמען

I יפתח׳ס טאָכטער, II שבתאי צבי,
III אמנון און תמר.

### סאָציאַלע דראַמען

I גאָט פון נקמה, III מאָטקע גנב,
II בונד פון די שוואַכע, IV יחוס.

### נאַציאָנאַלע דראַמען

I משיחס צייטן, III אַ שניר׳ל פערל,
II אונזער גלויבן, IV דער טויטער מענטש.

### יורשים

I יורשים, III דער זינדיקער,
II מיטן שטראָם, IV אום ווינטער.
V מאַראַנען.

פאַרלאַג „קולטור-ליגע״, ווארשע

## אַלע ווערק פון שלום אש

1 אַ שטעטל / ר׳ שלמה נגיד
2 בילדער און הומאָרעסקן
3 הימל און ערד
4 אַמעריקע
5 צוויי וועלטן
6 דאָס בוך פון צער
7 ארץ ישראל
8 מערי
9 דער וועג צו זיך
10 אָנקעל מאָזעס
11 מאָטקע גנב
12 די כשופמאַכערין פון קאַסטיליען / קדוש-השם
13 נייע דערציילונגען
14 די מוטער
15 ביבלישע דראַמען
16 סאָציאַלע דראַמען
17 נאַציאָנאַלע דראַמען
18 די יורשים, מיטן שטראָם, דער זינדיקער, אום ווינטער, מאַראַנען
19 טויט אורטייל / חיים לעדערערס צוריקקומען
20 פון איין קוואַל
21 פאַר יוגנט / מעשהלעך פון חומש
22 מיין רייזע איבער שפּאַניע / דער מזבח

פאַרלאַג „קולטור-ליגע״, וואַרשע.